פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט איך!

דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

---

## פאול לאפארג.

# קארל מארקס

פערזענליכע ערינערונגען.

(מיט מאַרקס בילד).



אַרויסגעגעבען פֿון

אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

זשענעוו.

דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד („בונד"),

יולי 1904 יאָהר.

# קארל מארקס

## (פערזענליכע ערינערונגען פֿון פּאול לאַפֿאַרג).

### I

אין פֿעברואר 1865 האָב איך געזעהען קאַרל מאַרקס צום ערשטען מאָל. דער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרען דעם 28 סעפּטעמבער 1864 אויף דער פֿערזאַמלונג אין ס. מאַרטינוס האָל; איך בין געקומען פֿון פּאַריז, כדי מודיע צו זיין קאַרל מאַרקס פֿון די פֿאָרטשריטען, וועלכע עס האָט געמאַכט די יונגע פֿערבינדונג. איך האָב געהאַט צו איהם אַ בריעף פֿון דעם הערר טאָלען, וועלכער איז איצט אַ סענאַטאָר אין דער בורזשואַזער רעפּובליק און איינער פֿון איהרע פֿערטרעטער אויף דער בערלינער קאָנפֿערענץ.

פֿיער און צוואַנציג יאָהר בין איך דאַן אַלט געוועז, אָבער מיין גאַנצען לעבען וועל איך ניט פֿערגעסען דעם איינדרוק, וועלכען עס האָט אויף מיר געמאַכט יענער ערשטער בעזוך ביי איהם. — מאַרקס איז דאַן ניט אין גאַנצען געזונד געוועזן און האָט געשריבען דעם ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל", וועלכער איז אָבגעדרוקט געוואָרען ערשט מיט צוויי יאָהר שפּעטער, אין 1867. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט ניט קענען ענדיגען זיין אַרבייט און פֿלעגט מיט פֿערגניגען אויפֿנעהמען יונגע לייט, דען, פֿלעגט ער זאָגען, „איך מוז אויסבילדען אַזוינע מענשען, וועלכע זאָלען קענען נאָך מיר פֿיהרען די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע".

קאַרל מאַרקס איז געוועזן איינער פֿון יענע זעלטענע מענשען, וועלכע זיינען בכח צו גלייכער צייט צו שטעהען אין דער ערשטער ליניע סיי אין דער וויסענשאַפֿט, סיי אין געזעלשאַפֿטליכער טהעטיגקייט. דאָס איז געוועזן ביי איהם אַזוי פֿעסט צוזאַמענגעפֿלאָכטען, אַז עס איז אונמעגליך איהם צו פֿערשטעהען, ניט בעטראַכטענדיג איהם אי ווי אַ געלעהרטען, אי ווי אַ סאָציאַליסטישען קעמפֿער. הגם קאַרל מאַרקס איז געוועזן דער אַנזיכט, אַז מען מוז זיך בעשעפֿטיגען מיט דער וויסענשאַפֿט „לשמה", ניט קימערענדיג זיך וועגען די רעזולטאַטען, צו

וועלכע זי וועט ברייננען, פֿונדעסטוועגען האָט ער געמיינט, אַז אַ גע-לעהרטער דאַרף בשום אופן ניט אויפֿהערען צו נעהמען אַ׳ן אַנטייל אין עפֿענטליכען לעבען, און אויב ער וויל ניט אין גאַנצען אויסגעטהאָן ווערען פֿון דער וועלט, טאָר ער זיך ניט פֿערשליעסען אין די ד׳ אמות פֿון זיין חדר, אָדער אין זיין לאַבאָראַטאָריע, ניט אַריינמישענדיג זיך אין לעבען און אין דעם סאָציאַלען און פּאָליטישען קאַמפּף פֿון זיין דור.

„די וויסענשאַפֿט טאָר ניט זיין אַ׳ן עגאָיסטישער פֿערגניגען; די מענשען, וועלכע זיינען אַזוי גליקליך, אַז זיי זיינען בכח זיך אָבצוגע-בען צו וויסענשאַפֿטליכע צוועקען, טאָקי זיי זאָלען זיין די ערשטע, וועלכע זאָלען דיענען מיט זייערע קענטניסען דער מענשהייט". „פֿאַר דער וועלט אַרבייטען" — דאָס איז געוועזען איינער פֿון זיינע געליעבטע מאמרים.

ניט דורך סענטימענטאַלע מחשבות איז קאַרל מאַרקס געקומען צו דעם קאָמוניסטישען שטאַנדפּונקט, זאָגאַר ער האָט שטאַרק מיטגע-פֿיהלט מיט דעם אַרבייטענדעם קלאַס, נאָר דורך דעם שטודירען פֿון דער געשיכטע און דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. מאַרקס פֿלעגט זאָ-גען: יעדער אונפּאַרטייאישער מענש, וועלכער געפֿינט זיך ניט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון זיינע פּריוואַט-אינטערעסען, און וועלכער איז ניט פֿערבלענדעט פֿון געפֿיהלען און מחשבות, וואָס זיין קלאַס האָט אין איהם איינגעפֿלאַנצט, מוז אונבעדינגט קומען צו דער זעלבער מיינונג. אָבער הגם ער האָט שטודירט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענטוויק-לונג פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט אָהן יעדער פֿאָראויס-אָנגענומע-נער מיינונג, פֿונדעסטוועגען האָט ער געשריבען נאָר מיט דער איינצי-גער אַבזיכט צו פֿערשפּרייטען די רעזולטאַטען פֿון זיינע פֿאָרשונגען, און מיט דעם פֿעסטען און בעשטימטען ווילען, צו געבען אַ וויסענשאַפֿט-ליכען יסוד דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, וועלכע האָט ביז איהם גע-שוועבט אין דעם אוטאָפּיסטישען וואָלקען. אין עפֿענטליכען לעבען פֿלעגט קאַרל מאַרקס אַרויסטרעטען נאָר כדי צו אַרבייטען פֿאַר דעם נצחון פֿון דעם אַרבייטער-קלאַס, וועמעס געשיכטליכע שליחות איז איינ-צופֿיהרען דעם קאָמוניזם, ווי נאָר ער וועט דערגרייכען צו דער פּאָליטי-שער און עקאָנאָמישער מאַכט אין דער געזעלשאַפֿט: אַקוראַט ווי די בורזשואַזיע, אַריינגעהמענדיג אין איהר האַנד די מאַכט, האָט געהאַט די היסטאָרישע שליחות צו צורייסען די פֿעאָדאַלע קייטען, וועלכע האָ-בען געשטערט דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע און לאַנד-ווירטשאַפֿט און צו בעשאַפֿען דעם פֿרייען פֿערטראַג צווישען דעם בעל-הבית און דעם אַרבייטער, דעם פֿרייען פֿערקעהר פֿון מענשען און פּראָדוקטען, צו צענטראַליזירען די פּראָדוקציאָנס- און טוייש-מיטלען, און

אויף אַזאַ אופן, ניט וויסענדיג אַליין דערפון, צוגרייטעט די מאַטעריעלע און גייסטיגע עלעמענטען פאַר דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אין דער צוקונפט.

מאַרקס איז געווען טהעטיג ניט נאָר פאַר דער לאַנד, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען. „איך בין אַ וועלטבירגער" — פלעגט ער זאָגען — „און וואו איך בין, דאָרטען טהו איך". און אין אמת'ן טאַקי, אין אַלע לענדער, וואו עס האָבען איהם פערטריבען און פערוואָגעלט די פערשיעדענע פאָסירונגען און די פאָליטישע רדיפות: אין פראַנקרייך, אין בעלגיען, אין ענגלאַנד, אומעטום האָט ער גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען ענטוויקעלט.

אָבער ניט דעם אונערמידליכען, אונפערגלייכבאַרען סאָציאַליסטישען אַגיטאַטאָר האָב איך געזעהען פאַר זיך ביי מיין ערשטער בעגעגעניש מיט מאַרקס'ן, נאָר דעם געלעהרטען אין זיין אַרבייטס־צימער אויף מאַילאַנד־פּאַרק גאַס, וואו עס פלעגען זיך אויפקלייבען פאַרטייגענאָסען פון אַלע עקען פון דער ציוויליזירטער וועלט, כדי זיך מישב צו זיין מיט דעם גרעסטען לעהרער פון דעם סאָציאַליזם. דיזער צימער האָט בעקומען אַ היסטאָרישע בעדייטונג, און מען מוז איהם קענען, אויב מען וויל אַריינדרינגען אין מאַרקס'ס גייסטיגען לעבען פון דער אינטימער זייט. דער צימער איז געווען אויף דעם ערשטען עטאַזש, און אין פאַרק איז אַרויסגעגאַנגען אַ ברייטער פענסטער, דורך וועלכען דער צימער פלעגט בעקומען אַ סך ליכט. פוןביידע זייטען פון קאַמין און געגען איבער דעם פענסטער זיינען געווען ביי די וואַנד ביכערשרענק, אָנגעפּאַקט מיט ספרים און געפילט ביז'ן דעק מיט צייטונגספאַקעטען און כתבים. געגענאיבער דעם קאַמין און ביי אַ זייט פון פענסטער זיינען געשטאַנען צוויי טישען פול מיט ביכער, פאַפּירען און צייטונגען. אין מיטען פון צימער, אויף דעם ליכטיגסטען אָרט, איז געשטאַנען גאָר אַ פשוט'ער און אַ קליינער אַרבייטס־טיש (דריי פוס אין דער לענג און צוויי אין דער ברייט) און אַ הילצערנער פאָטעל; צווישען דעם פאָטעל און דעם ספרים־שראַנק, געגענאיבער דעם פענסטער, איז געשטאַנען אַ לעדערנע זאָפּקע, אויף וועלכער מאַרקס פלעגט זיך פון צייט צו צייט אויסציהען, כדי אויסצורוהען זיך. אויף דעם קאַמין זיינען וועיטער געלעגען ביכער, צווישען זיי ציגאַרען, שוועבעלעך, טאַבאַק־קעסטלעך, בריעף־האַלטערס, פאָטאָגראַפיעס פון זיינע טעכטער, פון זיין ווייב, פון ווילהעלם וואָלף* און פרידריך ענגעלס.

* איינער פון די רעדאַקטאָרען פון דער „נייער רהיינישער צייטונג"

מאַרקס האָט אַ סך געראויכערט. „דער קאַפּיטאַל", האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, וועט מיר ניט איינברענגען אפילו דאָס, וואָס איך האָב אויסגעגעבען אויף ציגאַרען בעת'ן שרייבען". אָבער נאָך אַ גרעסערער אויסברענגער איז ער געווען אויף שוועבעלעך. אַלע ווײַלע פֿלעגט ער פֿערגעסען פֿון זיין ליולקע אָדער פֿון זיין ציגאַר, און כדי זיי ווייטער אָנצוצינדען, פֿלעגט ער אויסליידיגען די שוועבעלעך-פּושקעס אין אַ משונה'דיג קורצער צייט.

מאַרקס האָט קיינעם ניט צוגעלאָזען צו ברענגען זיינע ספרים און פּאַפּירען אין אָרדנונג, אָדער ריכטיגער געזאָגט, אין אונאָרדנונג. אייגענטליך האָט נאָר אויסגעזעהן, אַז עס הערשט אַ'ן אונאָרדנונג: אין אמת'ן איז אַלץ געלעגען אויף זיין אָרט, און ניט זוכענדיג, פֿלעגט ער נעהמען דעם בוך אָדער דעם העפֿט, וועלכען ער האָט געדאַרפֿט. בעת'ן שמועסען פֿלעגט ער זיך אָפֿטמאָל אָבשטעלען כדי צו בעווייזען אויף'ן אָרט די ציטאַטע אָדער די ציפֿער, פֿון וועלכע ער האָט גערעדט. מאַרקס איז געווען ווי אייסגעבונדען מיט זיין צימער, און זיינע ספרים און פּאַפּירען האָבען איהם געפֿאָלגט, אַקוראַט ווי זיינע אייגענע גליעדער.

זיינע ביכער זיינען ניט געווען אויפֿגעשטעלט סימעטריש: ביכער פֿון פֿערשיעדענסטע פֿאָרמאַטען זיינען געשטאַנען איינע נעבען די אַנדערע. מאַרקס פֿלעגט זיי פֿאַנאַנדערשטעלען ניט נאָך זייער גרויס נאָך, נאָר נאָך זייער אינהאַלט. די ביכער זיינען געווען זיינע גייסטיגע ווערקצייג און ניט קיין לוקסוס זאַכען. „זיי זיינען מיינע שקלאַפֿען און מוזען מיר דיענען נאָך מיין רצון נאָך". ער האָט ניט געשאַנעוועט ניט דעם פֿאָרמאַט, ניט דעם איינבונד, ניט די שיינקייט פֿון די פּאַפּיר און פֿון דעם דרוק; ער פֿלעגט איינבויגען די עקען, בעדעקען די רענדער מיט בליישטיפֿט שטריכען און פֿלעגט אונטערשטרייכלען די שורות. אויף די ביכער פֿלעגט ער קיינע אָנמערקונגען ניט מאַכען, פֿינדעסטוועגען פֿלעגט ער זיך אַ מאָל ניט קענען איינהאַלטען און פֿלעגט שטעלען אַ'ן אויסרופֿונגס- אָדער אַ פֿראַגע-צייכען, בשעת דער מחבר פֿלעגט אַריבערכאַפּען די מאָס. זיין מנהג אונטערצושטרייכלען געוויסע ערטער פֿון די ביכער האָט איהם אויף אַ סך פֿערגרינגערט צו געפֿינען די שטעלען, וועלכע ער האָט געזוכט. מאַרקס איז געוואָהנט געווען נאָך אַ משך פֿון איניגע יאָהרען נאָך אַ מאָל דורכצולייענען זיינע נאָטיץ-ביכלעך און די אונטערגעשטריכעלטע שטעלען אין זיינע ביכער, כדי זיי איינצו'חזר'ן אין זיין שאַרפֿען און געניטען זכרון. זיין זכרון האָט מאַרקס פֿון קינדווייז אָן נאָך מעהר פֿערשאַרפֿט דורך דעם, וואָס ער פֿלעגט אויף אויסווייניג אויסלערנען פֿערזען אין אַ'ן אונבעקאַנטער שפּראַך — דאָס איז געווען העגעלס אַ'ן עצה.

היינע'ן און געטהע'ן, וועלכע מארקס פֿלעגט אָפֿט ציטי-רען ביי אַ געשפּרעך, האָט ער געקענט אויף אויסוויינינג. שטענדיג פֿלעגט ער לעזען די ווערק פֿון פֿערשיעדענע דיכטער, וועלכע ער פֿלעגט זיך אויסקלייבען פֿון אַלע אייראָפּעאישע ליטעראַטורען. אַלע יאָהר האָט ער געלעזען עסכילאָס* אין דער גריכישער שפּראַך. איהם און שעקספּיר'ען האָט מארקס געהאַלטען פֿאַר די גרעסטע דראַמאַטישע גאונים אין דער וועלט. שעקספּיר'ס דראַמען, וועלכע ער האָט זעהר הויך געשעצט, האָט ער פּשוט שטודירט און ער האָט געדיינקט אפילו די אונוויכטיגסטע פּערזאָנען אין זיי. אין זיין גאַנצער פֿאַמיליע האָט מען פּשוט פֿערגעטערט דעם גרויסען ענגלישען דראַמאַ-טורג. מארקס'ס דריי טעכטער האָבען איהם געוואוסט אויף אויסוויינינג. בשעת מארקס האָט געוואָלט נאָך'ן 1848 יאָהר פֿער-פֿאָלקאָמען זיך אין דער ענגלישער שפּראַך, אויף וועלכער ער האָט געקענט לעזען נאָך פֿריהער, האָט ער אויסגעקליבען און קאָמבינירט די אייגענטהימליכע שעקספּירישע ווערטער און אויסדריקען. דאָס זעלבע האָט ער געטהאָן מיט אַ טייל פֿון די פּאָלעמישע שריפֿטען פֿון וויליאם קאָבבעט**, פֿון וועלכען ער האָט זעהר שטאַרק געהאַל-טען. דאַנטע און בערנס*** זיינען געווען זיינע ליעבלינגס-פּאָעטען, און עס פֿלעגט איהם פֿערשאַפֿען גרויס פֿערגניגען צו הערען זיינע טעכטער זינגען אָדער דעקלאַמירען די סאַטירען און ראָמאַנסען פֿון דעם שאָטלענדער דיכטער.

קוואוויע, אַ'ן אונערמידליכער אַרבייטער און אַ גרויסער גע-לעהרטער, האָט געהייסען צוגרייטען פֿאַר זיין אייגענעם געברויך אַ רייהע אַרבייטס-צימערען אין דעם פּאַריזער מוזעום, וואו ער איז געווען דירעקטאָר. יעדער צימער איז געווען בעשטימט פֿאַר אַ בעזונדער אַרט בעשעפֿטיגונג, און האָט געהאַט די נויטיגע ביכער, אינסטרומענטען, אַנאַטאָמישע פּרעפּאַראַטען א. ז. וו. פֿלעגט ער זיך פֿיהלען פֿערמאַטערט פֿון איין אַרבייט, פֿלעגט ער אַריינגעהען אין אַ דערבייאיגען צימער און זיך פֿערנעהמען מיט אַ'ן אַנדער זאַך; און, ווי מען דערצעהלט, האָט

---

* אַ גריכישער דיכטער. דער איבערז.

** וו. קאָבבעט — אַ בעריהמטער ענגלישער פּובליציסט און פּאָליטישער טהוער (1762—1835). דער איבערז.

*** דאַנטע — דער גרעסטער אַלט-איטאַליענישער פּאָעט. אי-בערהויפּט איז ער בעריהמט דורך זיין „געטליכער קאָמעדיע".

בערנס — אַ בעריהמטער שאָטלענדער פֿאָלקס-דיכטער (1759—1796). דער איבערזעצער.

דיזער איינפֿאַכער בייטען פֿון דער גייסטיגער בעשעפֿטיגונג פֿאַר איהם געהאַט די בעדייטונג פֿון אַ׳ן אָברוה. מארקס האָט אויך ניט ווייניגער געהאָרעוועט ווי קאוויע, אָבער ער האָט ניט געהאַט די מיטלען אויף איינצוריכטען פֿאַר זיך אַ סך אַרבייטס-צימערען. ער פֿלעגט זיך אָברוהען, אַרומגעהענדיג הין און צוריק איבער זיין צימער. פֿון טהיר ביז צום פֿענסטער האָט מען געקענט זעהען אויף׳ן טעפּיך (קאָווייאָר) אַ׳ן אָבגעריבענעם פּאַס, וועלכער איז געווען אַזוי שטאַרק קענטיג ווי אַ׳ן אויסגעטראָטענער וועג אויף אַ לאָנקע. אַ מאָל פֿלעגט זיך מארקס אויסציהען אויף זיין סאָפֿקע און לעזען אַ ראָמאַן. עס פֿלעגט זיך טרעפֿען, אַז ער האָט געלעזען צוויי-דריי ראָמאַנען אין דער זעלביגער צייט, איינעם נאָך דעם אַנדערען. אַזוי ווי דאַרווין, אַזוי איז אויך מארקס געווען אַ שטאַרקער ראָמאַנען-לעזער. מארקס האָט ליעב געהאַט די ראָמאַנען פֿון 18-טען יאָהרהונדערט און איבערהויפּט די ראָמאַנען פֿון טאָם דזאָנס פֿון פֿילדינג. פֿון די שרייבער, וועלכע האָבען געלעבט אין זיין צייט, האָט מארקס ליעב געהאַט צו לעזען פּאול-דע-קאָק, טשארלז ליווער, אלכסנדר דיומא — דער פֿאָטער, און וואלטער סקאָט. דעם בוך פֿון סקאָט „Old Mortality“ האָט ער געהאַלטען פֿאַר אַ מייסטערווערק. מעהר פֿון אַלע האָט ער הנאה געהאַט פֿון הומאָריסטישע און אַוואַנטוריסטישע ערצעהלונגען *. פֿון אַלע ראָמאַנען-שרייבער האָט ער געשטעלט אויף׳ן ערשטען אָרט סערוואַנטעס׳ן און באַלזאַק׳ן **. דאָן קיכאָט איז געווען פֿאַר מארקס׳ן די געשיכטע פֿון דעם גסס׳ען ריטערטהום, וועמעס מעלות און מידות זיינען געוואָרען צום שפּאָט און געלעכטער פֿאַר דער אויפֿקומענדער בורזשואַזיע. באַלזאַק׳ן האָט ער אַזוי שטאַרק בעוואונדערט, דאָס ער האָט זיך געקליבען צו שרייבען אַ קריטיק איבער זיין בוך „די מענשליכע קאָמעדיע“, ווי נאָר ער וועט פֿאַרטיג ווערען מיט זיין עקאָנאָמישען ווערק. באַלזאַק איז

---

* אַוואַנטוריסטישע ערצעהלונגען — ערצעהלונגען, וואָס זיינען איבערפֿילט מיט וואונדערליכע, אונגעוועהנליכע געשעהענישען.

דער איבערזעצער.

** סערוואַנטעס — אַ בעריהמטער שפּאַנישער שרייבער. איבערהויפּט איז ער בעריהמט דורך זיין ראָמאַן „דאָן קיכאָט“, וועלכער איז איבערזעצט אויף אַ סך שפּראַכען (1547—1616).

באַלזאַק — אַ בעריהמטער פֿראַנצויזישער ראָמאַניסט, גרינדער פֿון דער רעאַליסטישער שולע אין דער ליטעראַטור (1799—1850).

דער איבערזעצער.

געווען ניט נאָר דער געשיכטע-שרייבער פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון זיין צייט, זאָנדערן אויך דער בעשעפֿער פֿון קינפֿטיגע פערזענליכקייטען, וועלכע עס האָבען נאָר וואָס אָנגעהויבען אַרויסצושפּראָצען אין דער צייט פֿון לוי-פֿיליפ* און האָבען זיך גאָר אין גאַנצען ענטוויקעלט ערשט נאָך זיין טויט, אונטער נאַפּאָלעאָן דעם דריטען.

מאַרקס האָט געלעזען אויף אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען און האָט געשריבען אויף דריי פֿון זיי: אויף דייטש, פֿראַנצויזיש און ענגליש; און געשריבען האָט ער אויף זיי אויסגעצייכענט, אַז די מבינים פֿלעגען זיך וואונדערען. ער פֿלעגט גערן איבער'חזר'ן דעם מאמר: אַ פֿרעמדע שפּראַך איז אַ גוטע כלי-זין אין דער מלחמה פֿאַר'ן לעבען. מאַרקס האָט געהאַט אַ גרויסען טאַלאַנט צו שפּראַכען, וועלכען עס האָבען אָבגע'ירש'נט פֿון איהם זיינע טעכטער. ער איז שוין געווען פֿופֿציג יאָהר האַלט, בעת ער האָט זיך גענומען לערנען רוסיש, און ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די שפּראַך האָט ניט קיין עטימאָלאָגישען צוזאַמענהאַנג, ניט מיט די אַלטע און ניט מיט די נייע שפּראַכען, וועלכע ער האָט געקענט, האָט ער איהר נאָך אַ משך פֿון זעקס חדשים אַזוי גוט פֿערשטאַנען, אַז ער האָט געקענט האָבען דעם פֿערגניגען צו לעזען אין אָריגינאַל די רוסישע שריפֿטשטעלער און פּאָעטען, פֿון וועלכע ער האָט בעזונדערס געהאַלטען: פּושקין, גאָגאָל און שטשעדרין. ער האָט געלערענט רוסיש צוליעב דעם, כדי צו קענען לעזען די דאָקומענטען פֿון די אָפּיציעלע אונטערזוכונגען, וועלכע די מלוכה האָט פֿערבאָרגען, צוליעב זייערע שרעקליכע ענטדעקונגען. גוטע פֿריינד האָבען דאָס געגעבען איהם, און ער איז געווים געווען דער איינציגער עקאָנאָמיסט אין מערב-אייראָפּע, וועלכער האָט געהאַט פֿון זיי אַ ידיעה.

מאַרקס האָט געהאַט נאָך אַ מאָדנעם מיטעל זיך גייסטיג אָבצורוהען: דאָס איז געווען די מאַטעמאַטיק, וועלכע ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט. די אַלגעבערע איז געווען פֿאַר איהם זאָגאַר אַ מאָראַלישער טרייסט אין די ערגסטע צייטען פֿון זיין צרה'דיגען לעבען. בעת דער לעצטער קראַנק פֿון זיין פֿרוי איז ער ניט געווען בכח צו בעשעפֿטיגען זיך ווי אַלע מאָל מיט זיינע וויסענשאַפֿטליכע אַרבייטען. דעם צער, וואָס ער האָט געהאַט פֿון די יסורים פֿון זיין בעסטען פֿריינד, האָט ער געקענט פֿערטראָגען נאָר פֿערטיעפֿענדיג זיך אין דער מאַטעמאַ-

---

* לוי-פֿיליפ — דער לעצטער פֿראַנצויזישער קעניג פֿון דער פֿאַמיליע אָרלעאַן. ער האָט רעגירט פֿון 1830 ביז דער רעוואָלוציע פֿון 1848. דער איבערזעצער.

טיק. אין דיזער צייט, ווען ער האָט געליטען די גרעסטע שמערצען, האָט ער געשריבען אַ בוך איבער דיפּערענציאַל-רעכנונג, און די מאַטעמאַטיקער, וועלכע האָבען דעם אַרטיקעל געלעזען, האָבען געפונען, אַז דער בוך האָט אַ גרויסען ווערט — ער וועט פערעפענטליכט ווערען אין דער געזאַמט-אויסגאַבע פון זיינע ווערק. אין דער העכערער מאַטעמאַטיק האָט מאַרקס געזעהען די דיאַלעקטישע* בעוועגונג אין איהר לאָגישער און איינפאַכסטער פאָרם. נאָך זיין מיינונג קען זיך אַ וויסענשאַפט נאָר דאַן אויף אַ'ן אמת'ן ענטוויקלען, ווען זי וועט גע-געבויט זיין אויף דעם יסוד פון דער מאַטעמאַטיק.

מאַרקס'ס ביבליאָטהעק, וואָס איז בעשטאַנען מעהר ווי פון טויזענד בענדער, וועלכע ער האָט פלייסיג צוזאַמענגעקליבען אונטער דער לאַנגער צייט, וואָס ער האָט געדיענט דער וויסענשאַפט, איז פאַר איהם ניט גענוג געווען, און אין אַ משך פון אַ סך יאָהרען האָט ער מיט אַ התמדה בעזוכט דעם בריטישען מוזעום, פון וועמעס קאַטאַלאָג ער האָט שטאַרק געהאַלטען. אפילו זיינע געגנער האָבען געמוזט אַנערקענען זיינע גרויסע און טיעפע קענטעניס, וועלכע ער האָט געהאַט ניט נאָר אין זיין אייגענעם פאַך, אין דער פאָליטישער עקאָנאָמיע, זאָנדערען אויך אין דער געשיכטע, פילאָזאָפיע און אין דער ליטעראַטור פון אַלע לענדער.

מאַרקס פלעגט שטענדיג זעהר שפעט געהען שלאָפען, אָבער ניט קוקענדיג דערויף, איז ער שוין צווישען אַכט און ניין אַ זייגער אין דער פריה געווען אויף די פיס, געטרונקען שוואַרצע קאַווע, געלייענט זיינע צייטונגען און נאָך דעם פלעגט ער אַוועקגעהען אין זיין אַרבייטס-צימער, וואו ער פלעגט האָרעווען ביז צוויי אָדער דריי ביי נאַכט. ער

---

* די דיאַלעקטישע בעוועגונג בעשטעהט אין דעם, וואָס די זאַכען און פאַסירונגען זיינען ניט פערגליווערט, אָבגעזונדערט, שאַרף בעגרע-נעצט, נאָר זיי שטעלען פאָר אַ שטענדיג זיך בייטענדען שטראָם, אַ קייט פון ערשיינונגען, וועלכע געהען איבער איינע אין די אַנדערע, אַ פראָצעס, וואָס וויקעלט זיך אַלץ פאַנאַנדער. אַלץ פליסט, אַלץ ענט-שטעהט און געהט אונטער. אין יעדער ערשיינונג ענטוויקלען זיך געגענזעצליכע קרעפטען, וועלכע ברייננען צו איהר פערניכטונג און רופען אַרויס אויף איהר אָרט אַ נייע ערשיינונג, וועלכע איז דער הפך פון דער ערשטער. דיזע ערשיינונג ענטוויקעלט פון זיך ווידער איהר אייגענעם הפך, עס ענטשטעהט אַ נייע ערשיינונג, וועלכע בילדעט אַ העכערע איינהייט, אַ סינטעזע פון די פריהערדיגע געגענזעצליכע ער-שיינונגען א. ז. וו. דער איבערזעצער.

פֿלעגט מפסיק זיין נאָר אום אָבצועסען, אָדער צו מאַכען אַ שפּאַציר-גאַנג אין העמפּסטעד היט אין אָוועגד ביי אַ גוטען וועטער. ביי טאָג פֿלעגט ער אַ פּאָר שעה שלאָפֿען אויף זיין קאַנאַפּע. אין זיין יוגענד האָט ער געהאַט די געוואָהנהייט אויף-צו-זיין גאַנצע נעכט ביי דער אַרבייט. דאָס אַרבייטען איז געוואָרען ביי מאַרקס׳ן אַ ליידענשאַפֿט, און דאָס פֿלעגט איהם אַזוי פֿאַרכאַפּען, אַז ער פֿלעגט אָפֿטמאָלס פֿערגעסען צוליעב דעם צו עסען. צום עסען האָט מען איהם געמוזט ניט זעלטען אַ פּאָר מאָל רופֿען, ביז וואַנען ער פֿלעגט אַרונטערקומען אין עס-צימער. און קוים האָט ער פֿערשלונגען דעם לעצטען ביסען, פֿלעגט ער אַוועקגעהען צוריק אין זיין אַרבייטס-צימער. מאַרקס איז געווען גאָר אַ שוואַכער עסער און האָט קיין אַפּעטיט ניט געהאַט; ער האָט זיך געסטאַרעט צו פֿערגרעסערען דעם אַפּעטיט דורך שטאַרק געזאַלצענע מאכלים: שינקען, גערייכערטע פֿיש, איקרע (רויגען) און זויערע אוגערקעס. זיין מאָגען האָט געמוזט ליידען צוליעב זיין גרויסער קאָפּ-אַרבייט. זיין גאַנצען קערפּער האָט ער מקריב געווען פֿאַר זיין מח. דאָס דענקען איז געווען פֿאַר איהם דער גרעסטער תענוג. אָפֿטמאָלס האָב איך געהערט, ווי ער פֿלעגט איבער׳חזר׳ן דעם מאמר פֿון העגעל׳ן, זיין גרויסען רבי פֿון זיין יוגענד: „אפילו דער פֿערדאָרבענער רעיון פֿון אַ׳ן אויסוואורף איז אַ סך גרעסער און ערהאַבענער, ווי די נסים פֿון דעם אויבערשטען״.

מאַרקס האָט געוויס געמוזט האָבען אַ פֿעסט געבויטען קערפּער, ווען ער האָט געקענט אויסהאַלטען אַזאַ מין לעבען און אַזאַ אָבצערענדע גייסטיגע אַרבייט. ער איז טאַקי אין אמת׳ן געווען פֿעסט געבויט, ער איז געווען העכער ווי אַ מיטעלמעסיגער מענש, זיינע פּלייצעס זיינען ברייט געווען, זיין ברוסט גוט ענטוויקעלט, די גליעדער פּראָפּאָרציאָנעל געבויט, הגם זיין הוט-השדרה איז געווען עטוואָס צו לאַנג אין פֿערגלייך צו די פֿיס, וואָס מען טרעפֿט עפֿטערס ביי דער אידישער ראַסע. מאַרקס וואָלט געוויס געוואָרען זעהר אַ געזונטער מענש, ווען ער וואָלט זיך אין דער יוגענד בעשעפֿטיגט מיט גימנאַסטיק. די איינציגע קערפּערליכע אַרבייט, מיט וועלכער ער האָט זיך כל ימיו רעגעלמעסיג בעשעפֿטיגט, איז געווען דער אַרומגעהען. שטונדען לאַנג איז ער בכח געווען, רויכערענדיג און שמועסענדיג, אַרומצוגעהען אָדער צו קלעטערען אויף בערגלעך און ניט פֿיהלען דערביי קיין שום מיעדיגקייט. מען קען זאָגען, אַז ער האָט געאַרבייט אין זיין קאַבינעט אַרומגעהענדיג. ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצען נאָר אויף אַ קורצע ווייל, כדי צו פֿערצייכענען דאָס, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט, בעת׳ן אַרומגעהען. אויך האָט מאַרקס ליעב געהאַט ביי׳ם שמועסען אַרומצוגעהען. פֿון

צייט צו צייט פֿלעגט ער זיך דערבײַ אָבשטעלען, בשעת דער פּלפּול פֿלעגט לעבעדיג אָדער דער געשפּרעך וויכטיג ווערען.

אַ צייט פֿון יאָהרען פֿלעג איך איהם בעגלייטען אין זיינע שפּאַצירגאַנגען אָוועגד-צייט אין העמפּסטעד היט. מיין ערציהונג אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָב איך בעקומען פֿון איהם אַרומשפּאַצירענדיג איבער די לאָנקעס. אַליין ניט בעמערקענדיג דאָס, האָט ער ענטוויקעלט פֿאַר מיר ביסלעכווייז דעם תוכן פֿון דעם גאַנצען ערשטען באַנד פֿון „קאַפּיטאַל", אין דעם זעלבען ערך, ווי ער האָט איהם דעמאָלט געשריבען. קומענדיג אַהיים, פֿלעג איך אַלעמאָל פֿערשרייבען, ווי איך האָב געקענט, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהערט פֿון איהם. אין אָנהויב איז מיר שווער געווען איינצוהאַלטען אין זכרון דעם טיעפֿען און פֿערוויקעלטען געדאַנקען-גאַנג פֿון מאַרקס'ן. ליידער האָב איך פֿערלאָרען דיזע טייערע נאָטיצען. נאָך דער קאָמונע האָט די פּאָליציי פֿערבאַפּט און פֿערברענט מיינע פּאַפּירען אין פּאַריז און באָרדאָ. דערהויפּט פֿערדריסט מיך, וואָס איך האָב פֿערלאָרען די נאָטיצען, וואָס איך האָב געמאַכט אין דעם אָווענד, בשעת מאַרקס האָט מיר ערקלעהרט מיט אַ סך ראיות און מיט פֿעסטער איבערצייגונג — אַזוי, ווי נאָר מאַרקס האָט דאָס געקענט — זיין טעאָריע פֿון דער ענטוויקלונג פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. עס האָבען זיך מיר פּשוט די אויגען געעפֿענט; צום ערשטען מאָל האָב איך קלאָר פֿערשטאַנען די לאָגיק פֿון דער וועלט-געשיכטע; עס איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרען דער מאַטעריעלער יסוד פֿון דער ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿון די אידעען, וועלכע האָבען מיר פֿריהער אויסגעוויזען פֿול מיט ווידערשפּריכע. איך בין געווען ווי בערוישט, און יאָהרען לאַנג איז געבליבען דיזער איינדרוק. דיזעלביגע ווירקונג האָט דאָס געהאַט אויף די סאָציאַליסטען אין מאַדריד, בשעת איך האָב ענטוויקעלט פֿאַר זיי, לויט מיינע שוואַכע כחות נאָך, די זעלביגע טעאָריע, די גרויסאַרטיגסטע פֿון מאַרקס'ס טעאָריען, וועלכע איז אויך בלי ספק איינע פֿון די גרעסטע טעאָריען, צו וועלכע דער מענשליכער שכל איז איבערהויפּט דערגאַנגען.

מאַרקס האָט געהאַט אויף'ן זכרון אַ מורא'דיגען אוצר פֿון היסטאָרישע און נאַטורוויסענשאַפֿטליכע פֿאַקטען און פֿילאָזאָפֿישע טעאָריען, און ער האָט אויסגעצייכענט פֿערשטאַנען, ווי זיך צו בעדיענען מיט די אַלע קענטניסע און בעאָבאַכטונגען, וואָס ער האָט צונויפֿגעקליבען אין דעם לאַנגען משך פֿון זיין גייסטיגער אַרבייט. מען האָט איהם געקענט, ווען מען האָט געוואָלט און איבער וואָס מען האָט געוואָלט, שטעלען אַ פֿראַגע, און מען פֿלעגט בעקומען פֿון איהם דעם בעסטען אַנטוואָרט, וועלכען ער פֿלעגט נאָך בעגלייטען מיט וויכטיגע בעמערקונגען פֿון

פילאָזאָפישער און אַלגעמיינער בעדייטונג. מאַרקס׳ס מח איז עהנ-
ליך געווען צו אַ מלחמה-שיף, וואָס שטעהט אונטער פּאַרע אין האַפען:
צו יעדער צייט איז ער גרייט געווען צו פערטיעפען זיך אין וועלכען
ניט איז וויסענשאַפטליכען געביעט. דער „קאַפּיטאַל“ איז אַ גוטער
עדות, וואָס פאַר אַ שאַרפען קאָפּ און וואָס פאַר אַ סך קענטעניס
ער האָט פערמאָגט. אָבער פאַר מיר, ווי אויך פאַר אַלע, וואָס האָבען
איהם נאָהענט געקענט, בעוויזט ניט, ניט דער „קאַפּיטאַל“ און ניט
זיינע איבעריגע שריפטען, זיינע גאַנצע גאונה׳שאַפט און זיינע גאַנצע
ידיעות. מאַרקס איז אַ סך העכער געווען, ווי זיינע ווערק.

איך האָב געאַרבייט מיט מאַרקס׳ן צוזאַמען, איך בין נאָר געווען
דער שרייבער, ווען ער האָט דיקטירט, אָבער איך האָט געהאַט די
מעגליכקייט צו בעטראַכטען זיין דענקענס- און שרייבענס-אַרט. די אַר-
בייט איז פאַר איהם געווען אי לייכט אי שווער. זי איז געווען לייכט,
ווייל צו וואָס פאַר אַ טהעמע ער פלעגט זיך ניט נעהמען, פלעגען באַלד
אַרויפקומען ביי איהם אויף׳ן זכרון די נויטיגע פאַקטען לרוב; אָבער
גראַדע צוליעב דיזער גרויסער צאָהל פאַקטען, איז איהם שווער געווען
מיט אַמאָל אַרויסצוגעבען זיינע אידעען.

וויקאָ* האָט אַמאָל געזאָגט — אַ זאַך איז אַ קערפּער נאָר פאַר
גאָט, וועלכער וויים אַלץ, פאַר אַ מענשען אָבער, וואָס פערשטעהט
נאָר די אויסענזייט, איז דאָס נאָר אַ׳ן אָבערפלעכע. מאַרקס פלעגט
בעגרייפען ווי דער גאָט פון וויקאָ, ער פלעגט זעהען ניט בלויז די
אָבערפלעכע, ער פלעגט אַריינדרינגען אין דעם תוכן גופא, ער פלעגט
אונטערזוכען אלע חלקים און זייער ווירקונג און צוריקווירקונג איינע
אויף די אַנדערע; ער פלעגט אָבזונדערען יעדען חלק פאַר זיך און
שטודירען די געשיכטע פון זיין ענטוויקלונג. פון דער זאַך גופא פלעגט
ער איבערגעהען צו איהר אומגעבונג און בעטראַכטען די ווירקונג פון
דער לעצטער אויף די ערשטע און אומגעקעהרט. דאַן פלעגט ער זיך
ווידער אומקעהרען צו דער ענטוויקלונג פון דער זאַך, צו די פערענ-
דערונגען, צו דער עוואָלוציע און רעוואָלוציע, וועלכע זי האָט דורכגע-
מאַכט. און סוף כל סוף פלעגט ער אַריינדרינגען אין די ווייטעסטע
ווירקונגען פון דער זאַך. פאַר מאַרקס׳ן האָבען ניט עקסיסטירט איינ-
צעלנע זאַכען „אַן אונד פיר זיך“, אָהן אַ צוזאַמענהאַנג מיט זייער אומ-
געבונג, זאָנדערן אַ גאַנצע פערוויקעלטע וועלט, וואָס געפינט זיך אין
שטענדיגער בעוועגונג. און מאַרקס האָט טאַקי געוואָלט אויפדעקען

---

* וויקאָ — אַ׳ן איטאַליענישער פילאָזאָף (1668—1744).
דער איבערזעצער.

אָט דעם גאַנצען לעבען פֿון דיזער וועלט מיט אַלע איהרע אַזוי שטאַרק פּערוויקעלטע און שטענדיג זיך בייטענדע ווירקונגען און צוריקווירקונגען. די בעלעטריסטען פֿון פֿלאָבער׳ס און גאָנקור׳ס* שוהלע בע-קלאָגען זיך, אַז עס איז זעהר שווער גענוי איבערצוגעבען, וואָס מען זעהט. און דאָס, וואָס זיי ווילען איבערגעבען איז דאָך נאָר די אָ-בערפֿלעכע, פֿון וועלכער וויקאָ רעדט, דער איינדרוק, וועלכען זיי האָבען בעקומען. זייער ליטעראַרישע אַרבייט איז דאָך אָבער אַ שפּיל-כעל, אין פֿערגלייך צו דער אַרבייט פֿון מאַרקס. מען האָט געמוזט האָבען אַ׳ן אונגעוועהנליכע דענק-קראַפֿט, צו בעגרייפֿען די ווירקליכ-קייט, און אַ ניט וועניגער אונגעוועהנליכע קונסט איבערצוגעבען דאָס, וואָס ער האָט געזעהען און האָט געוואָלט זעהען. קיין מאָל איז ער ניט צופֿריעדען געווען מיט זיין אַרבייט, שטענדיג פֿלעגט ער אַלץ איבער-אַרבייטען און ער פֿלעגט שטענדיג געפֿינען, אַז ער האָט ניט גענוג גוט אַרויסגעגעבען, וואָס ער האָט געפֿיהלט און געטראַכט. אַ פּסיכאָ-לאָגישע ווערק פֿון באַלזאַק, פֿון וואָס זאָלאַ האָט נעבעך אַרויסגע-גנב׳עט אַ טהעמע, האָט אויף איהם געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק, ווייל דער מחבר האָט דאָרטען אַנאַליזירט צום טייל אַזעלכע געפֿיהלען, וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט. ביי אַ גאונ׳ישען מאַלער איז אַזוי שטאַרק דער דראַנג איבערצוגעבען דיזאַכען גענוי, ווי זיי שפּיגלען זיך אָב אין זיין מוח, אַז ער פֿיילט און רעטושירט נאָכאַנאַנד זיין בילד, ביז עס ווערט צום סוף דערפֿון ניט מעהר, ווי אַ גרויסער פֿלעק פֿון פֿאַרב אָהן אַ שום געשטאַלט, וועלכער דוכט זיך אָבער זיינע „גלעזערנע אויגען", ווי דער בעסטער בילד פֿון דער ווירקליכקייט.

מאַרקס האָט אין זיך פֿעראייניגט דיביידע מעלות פֿון אַ גע-ניאַלען דענקער. ער האָט ניט געהאַט זיינס גלייכען אין דער קונסט פֿאַנאַנדערצוגליעדערען אַ זאַך אויף איהרע בעשטאַנד-טהיילען, אָבער ער איז אויך געווען אַ קינסטלער צוריק אויפֿצובויען דעם פֿאַנאַנדערגעלייג-טען געגענשטאַנד מיט אַלע זיינע דעטאַלען און מיט אַלע פֿערשיעדענע פֿאָרמעס פֿון זיין ענטוויקלונג, און צו ענטדעקען זייער אינערליכען צו-זאַמענהאַנג. מאַרקס פֿלעגט ניט בויען זיינע ראיות אויף קאָפּ-סברות, אויף אַבסטראַקציעס, ווי עס האָבען איהם אויפֿגעוואָרפֿען די עקאָנאָמיס-טען, וואָס זיינען ניט פֿעהיג צו טראַכטען; ער האָט ניט בענוצט די מעטאָדע פֿון די געאָמעטער, וועלכע נעהמען אפילו זייערע כללים פֿון דער ווירקליכער וועלט, פֿערגעסען אָבער אָן דער ווירקליכקייט, ווי עס קומט אַרויסצודרינגען עטוואָס פֿון כלל צום פּרט. מען געפֿינט אין

* פֿראַנצויזישע שרייבער. דער איבערז.

דעם „קאַפּיטאַל" ניט אַ'ן איינציגען כלל, ניט אַ'ן איינציגע פאָרמעל, אָבער אַ גאַנצע רייהע פון אַנאַליזען פון דער העכסטער פיינקייט, פון וועלכער עס זיינען בולט די קלענסטע שאַטירונגען און אונטערשיעדענהייטען.

ער הויבט אָן מיט דער פעסטשטעלונג פון דעם פאַקט, וואָס איז אַלעמען בעקאַנט, אַז די עשירות פון די געזעלשאַפטען, ביי וועלכע עס הערשט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן, ערשיינט אַלס אַ מורא'דיגער אוצר פון סחורות: די סחורה, וועלכע איז אַ זאַך, וואָס מען קען זעהען בחוש און ניט קיין מאַטעמאַטישע אַבסטראַקציע, איז אויף אַזאַ אופן דער יסוד, די צעללע, פון דעם קאַפּיטאַליסטישען רייכטהום. מאַרקס האַלט פעסט די סחורה, דרייט איהר אויף אַלע זייטען, קעהרט איהר איבער „מיט'ן אונטערשלאַג אַרויף" און ענטדעקט אין איהר איין סוד נאָך דעם אַנדערען, פון וועלכע די אָפיציעלע עקאָנאָמיסטען האָבען אפילו קיין שום ידיעה ניט געהאַט, — סודות, וועלכע זיינען אַ סך טיעפער און צאָהלרייכער, איידער די געהיימניסען פון דער קאַטוילישער רעליגיאָן. נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אויסגעפאָרשט די סחורה פון אַלע זייטען, בעטראַכט ער דאַן איהרע בעציהונגען צו אַנדערע סחורות אין'ם טויש. נאָך דעם געהט ער איבער צו דער פּראָדוקציאָן און צו די היסטאָרישע פאָרבעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן. ער בעטראַכט די פערשיעדענע פאָרמען, אין וועלכע די סחורה ערשיינט, און וועיזט אויף, ווי איין פאָרם געהט איבער אין אַ'ן אַנדערע, ווי איינע בעשאַפט מיט נויטווענדיגקייט די אַנדערע. די לאָגישע ענטוויקלונג פון די ערשיינונגען איז איבערגעגעבען מיט אַזוי פיעל קונציגקייט, אַז מען קען מיינען, אַז מאַרקס אַליין האָט איהר אויסגעטראַכט, אין דער אמת'ן שטאַמט זי דאָך פון דער ווירקליכקייט, און איז אַ ריכטיגער בילד פון די אמת'ע פערענדערונגען פון דער סחורה.

מאַרקס האָט קיין מאָל ניט געאַרבייט פון אויבען-אויף, ער פלעגט קיין מאָל ניט אָנגעבען אַ פאַקט אָדער אַ ציפער, וואו ער האָט זיך ניט געקענט שטיצען אויף די בעסטע אַווטאָריטעטען. ער פלעגט זיך ניט בענוגענען מיט אַ וועלכער עס איז ידיעה פון אַ צווייטער האַנד, ער פלעגט זיך שטענדיג ווענדען צו דעם מקור אַליין, אפילו דאָס האָט געקענט זיין זעהר שווער. צוליעב דער קלענסטער זאַך האָט ער געקענט לויפען אין דעם בריטישען מוזעום כדי איבערצולעזען, וואָס ער האָט נויטיג געהאַט צו וויסען. זיינע קריטיקער זיינען טאַקי קיין מאָל ניט בכח געוועזען אויפצוואוואַרפען איהם, אַז ער האָט ניט גענוג ערנסט דורכגעשטודירט אַ וועלכען עס איז ענין, אָדער אויפצוווייזען איהם, אַז זיינע ראיות שטיצען זיך ניט אויף גענוג אויסגעפּרופטע

פּאַקטען. די דאָזיגע געוואָהנהייט אויסצוזוכען דעם מקור גופא, האָט איהם געגנויטיגט צו לעזען די אַמווייניגסטען בעקאַנטע שרייבער, וועל־כע נאָר ער אַליין פלעגט ציטירען. דער „קאַפּיטאַל" האָט אַזאַ סך ציטאַטען פון אונבעקאַנטע שריפטשטעלער, אַז מען קען מיינען, אַז ער האָט זיך געוואָלט בערימען מיט זיין בעלעזענהייט. מ אַ ר ק ס האָט אָבער אַנדערש געטראַכט וועגען דעם: „דאָס איז פון מיין זייט נאָר היסטאָרישע גערעכטיגקייט, איך גיב יעדערען, וואָס ער האָט פערדיענט". ער האָט געהאַלטען פאַר זיין פליכט אָנצורופען ביי'ם נאָמען יעדען שרייבער, ווי קליין און אונבעקענט ער איז ניט געווען, וועלכער האָט דער ערשטער אַרויסגעזאָגט אַ אידעע, אָדער וועלכער האָט איהר אויף דעם קלאָרסטען אופן אויסגעדריקט.

זיין ליטעראַרישער געוויסען איז געווען אויך אַזוי שטרענג, ווי זיין ווי־סענשאַפטליכער. ער פלעגט ניט נאָר קיין מאָל ניט געברויכען אַלס אַ בעווייז אַ זאַך, וועלכע ער האָט ניט קלאָר געוואוסט, ער פלעגט זיך אפילו ניט ערלויבען צו ריידען איבער אַ געגענשטאַנד, איידער ער האָט איהם געהאַט גרינדליך דורכגעשטודירט. ער האָט קיין זאַך ניט געלאָזען דרוקען, וואו ער האָט עס אַ פּאַר מאָל ניט איבערגעמאַכט, ביז וואַנען ער פלעגט ניט אַרויסגעפינען די ענדע־פאָרם. ער האָט ניט געקענט ביי זיך פּעול זיין צו בעווייזען זיך פאַר אַ'ן עולם אַבי־ווי. עס וואָלט פאַר איהם געווען אַ'ן אמת'ער צער צו ווייזען זיינעם אַ מאַנוסקריפּט, איידער ער האָט אין איהם געשטעלט די לעצטע פינטעלע. דער דאָזיגער געפיהל איז אַזוי שטאַרק געווען ביי איהם, אַז ער האָט זיך אַ מאָל אויסגערעדט פאַר מיר, אַז ער וואָלט גיכער פערברענען זיינע כתבים, איידער צו לאָזען זיי נאָך'ן טויט ניט פערענדיגט.

זיין אַרבייטס־מעטאָדע פלעגט איהם אָפטמאָלס שטעלען אַזוינע אויפגאַבען, וואָס דער לעזער פון זיינע שריפטען קען זיך קוים פאָר־שטעלען, צום ביישפּיעל, כדי אויפצושרייבען אַ'ן ערך פון 20 זייטען אין זיין „קאַפּיטאַל" איבער דער ענגלישער אַרבייטערשוץ־געזעצגעבונג, האָט ער דורכגעבלעטערט אַ גאַנצע ביבליאָטהעק פון די „בלוי־ביכער"*, אין וועלכע עס געפינען זיך די בעריכטען פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע און פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרען אין ע נ ג ל אַ נ ד און ש אָ ט־ל אַ נ ד. ער האָט זיי געלעזען פון א ביז ת, ווי מען קען זעהען פון די צייכענס, וואָס ער האָט געמאַכט אויף זיי מיט דעם בליישטיפט. די דאָזיגע פּאַפּירען האָט מ אַ ר ק ס געהאַלטען פאַר די וויכטיגסטע און

---

* „בלוי־ביכער" — אָפיציעלע בעריכטען פון דער ענגלישער רע־גירונג איבער וועלכער עס איז זאַך. דער א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

בעדייטענדסטע דאָקומענטען צום שטודירען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָ-דוקציאָנס-אופן און ער האָט געהאַט אַזאַ הויכע מיינונג פֿון די מענשען, וואָס האָבען זיך דערמיט בעשעפֿטיגט, אַז ער האָט געצווייפֿעלט צו עס וועט געלינגען צו געפֿינען ביי אַ׳ן אַנדער נאַציאָן אין אייראָפּע אַזעלכע קענער און אונפּאַרטייאישע מענשען, וואָס זיינען קיינעם ניט נושא פנים, ווי די פֿאַבריק-אינספּעקטאָרען אין ענגלאַנד. אין דער הקדמה צום ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל״ האָט ער גלענצענד אַרויסגע-שטעלט דיזע מעלות זייערע.

אַ סך פֿאַקטען האָט מאַרקס אַרויסגענומען פֿון די דאָזיגע „בלוי-בי-כער״, וועלכע פֿיעלע מיטגליעדער פֿון דער „אונטערהויז״ און דער „הויז פֿון די לאָרדען״*, וועמען די ביכער ווערען פֿאַנאַנדערגע-טיילט, בענוצען נאָר אַלס ציעל-ברעטער, אויף וועלכע מען שיסט, כדי צו מעסטען נאָך דער צאָהל פֿון די דורכגעשאָסענע זייטען דעם כח פֿון די כלי-זין. אַנדערע פֿלעגען זיי פֿערקויפֿען אויף׳ן וואָג, און דאָס איז טאַקי געווען דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבען געקענט טהאָן דערמיט, דען דורך דעם האָט מאַרקס בעקומען די מעגליכקייט צו קויפֿען די ביכער נאָך אַ וואָלוועלען פּרייז ביי אַ פּאַפּיר-קרעמער אין לאָנג עקר, צו וועלכען ער פֿלעגט פֿון צייט צו צייט אַריינגעהען, כדי דורכצוקוקען זיינע ביכער און אַלטע פּאַפּירען. פּראָפֿעסאָר בעסלי האָט געזאָגט, אַז מאַרקס איז געווען דער מענש, וועלכער האָט מעהר פֿון אַלעמען אָבגעשעצט די אָפֿיציעלע אונטערזוכונגען אין ענגלאַנד און האָט זיי מפרסם געווען פֿאַר דער גאַנצער וועלט. פּראָפֿעסאָר בעסלי האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז נאָך פֿאַר 1845 האָט ענגעלס פֿון די בלוי-ביכער אַרויסגענומען אַ סך דאָקומענטען, וועלכע ער האָט בענוצט פֿאַר זיין בוך איבער די לאַגע פֿון דעם אַרבייטענדען קלאַס אין ענגלאַנד.

## II

אום בעקאַנט צו ווערען און ליעב צו בעקומען די האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט אונטער דעם מאַנטעל פֿון דעם געלעהרטען, האָט מען געדאַרפֿט זעהען מאַרקס׳ן נאָכדעם, ווי ער פֿלעגט אַוועקלייגען זיינע

---

* אין ענגלאַנד איז דער פּאַרלאַמענט צוטיילט אויף דער אונ-טערהויז און הויז פֿון לאָרדען. אין אונטערהויז ווערען אויסגעקלי-בען די פֿאָרשטעהער פֿון די קהלות; די הויז פֿון לאָרדען בעשטעהט פֿון געבאָרענע לאָרדען און פֿון אַנדערע פּריווילעגירטע.

דער איבערזעצער.

ביכער און העפטען אָן אַ זייט, פֿערברייגנענדיג די צייט מיט זיין פֿאַמיליע, אָדער זונטאָג אין אָווענד אין דעם קרייז פֿון זיינע גוטע פֿריינד, דעמאָלט פֿלעגט ער זיך אַרויסווייזען ווי דער אַנגענעהמסטער געזעל-שאַפֿטס-מאַן מיט גלייכווערטלעך, וויצען, ווי אַ מענש, וואָס האָט גע-קענט לאַכען פֿון גאַנצען האַרצען. זיינע שוואַרצע אויגען, בעוואַק-סען מיט געדיכטע ברעמען, פֿלעגען פֿונקלען מיט פֿרייליכקייט און ליצנות, בשעת ער פֿלעגט דערהערען אַ שאַרפֿען גלייכווערטעל אָדער אַ שכל'דיגען ענטפֿער.

מאַרקס איז געווען אַ צערטליכער, געלאַסענער און נאָכגעביגער פֿאָטער. „די קינדער מוזען ערציהען זייערע עלטערן" — פֿלעגט ער זאָגען. אפילו אַ סמן ניט פֿון פֿאָטערליכען אַוטאָריטעט, האָט זיך קיין מאָל ניט געלאָזט מערקען אין זיינע בעציהונגען צו זיינע טעכטער, וועלכע האָבען איהם געליעבט ווי דעם לעבען. ער פֿלעגט זיי קיין מאָל ניט הייסען, זאָנדערען בעטען ביי זיי, ווי אַ טובה, וואָס ער האָט געוואָלט. קיין זאַך האָט ער זיי ניט פֿערבאָטען; האָט ער געוואָלט אויספֿיהרען, אַז זיי זאָלען עפעס ניט טהאָן, האָט ער געגעבען צו פֿער-שטעהען, אַז מען דאַרף עס ניט טהאָן. און פֿונדעסטוועגען האָט מען אַ פֿאָטער זעלטען ווען געפֿאָלגט אַזוי, ווי מאַרקס'ן זיינע קינדער. זיינע טעכטער האָבען אויף איהם געקוקט ווי אויף זייערען אַ פֿריינד און פֿלעגען זיך בעגעהען מיט איהם ווי מיט אַ חבר — זיי האָבען איהם אָנגערופֿען ניט „פּאַפּאַ", זאָנדערען „מאָהר", אַ צונעמעניש, וואָס ער האָט בעקומען פֿאַר זיין ברוינעם געזיכטס-קאָליר און פֿאַר די שוואַרצע פֿאַרב פֿון זיינע האָר און באָרד. דערפֿאַר אָבער האָבען איהם די מיטגליעדער פֿון דעם קאָמוניסטען-בונד פֿאַר 1848 אָנ-גערופֿען „פֿאָטער מאַרקס", זאָגאַר ער איז נאָך דעמאָלט קיין 30 יאָהר ניט אַלט געווען.

שטונדען לאַנג פֿלעגט מאַרקס פֿערברייגנען, שפּיעלענדיג זיך מיט זיינע קינדער. זיי געדיינקען נאָך ביז היינטיגען טאָג די מלחמות אויף'ן ים און די שרפֿות פֿון גאַנצע פֿלאָטען פֿון פּאַפּיר-שיפֿלעך, וואָס ער פֿלעגט מייסטערעווען פֿאַר זיי און וועלכע ער פֿלעגט נאָכדעם צו זייער גרעסטער שמחה פֿערברענען אין אַ גרויסען עמער וואַסער. זונ-טאָג פֿלעגען די טעכטער איהם ניט לאָזען אַרבייטען, דעם גאַנצען טאָג האָט ער געמוזט זיין אין זייער רשות. ביי אַ פֿיינעם וועטער פֿלעגט די גאַנצע פֿאַמיליע אַוועקגעהען אויף אַ לאַנגען שפּאַצירגאַנג אונטער'ן שטאָט, אונטערוועגס פֿלעגט מען זיך אָבשטעלען אין אַ פּשוט'ען שיינק, כדי צו טרינקען אינגבער-ביער און עסען ברויט מיט קעז. בשעת זיינע קינדער זיינען נאָך קליין געווען, פֿלעגט ער זיי פֿערקירצען דעם וועג,

דערצעהלענדיג זיי וואונדערליכע מעשה׳לעך, וואָס ער פלעגט אויס-טראַכטען בעת׳ן געהען און וועלכע ער פֿלעגט פֿערפלאָנטערען, ווייטער שפּינען און פֿערגרעסערען נאָך די לייגג פֿון דעם וועג; די קינ-דער פֿלעגען זיך אַזוי פֿעראינטערעסירען מיט די מעשות, אַז זיי פֿלעגען פֿערגעסען זייער מיעדיגקייט. מ אַ ר ק ס האָט געהאַט אַ זעלטען רייכע פּאָעטישע פֿאַנטאַזיע, זיינע ערשטע כתבים זיינען געווען פּאָעטישע שריפֿטען. די פֿרוי מ אַ ר ק ס האָט זאָגאַר ביי זיך געהאַט די שירים, וואָס מ אַ ר ק ס האָט געשריבען אין זיין יוגענד, אָבער זי פֿלעגט זיי קיינעם ניט לעזען. מ אַ ר ק ס׳ס עלטערען האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז זייער זוהן זאָל ווערען אַ שרייבער אָדער אַ פּראָפֿעסאָר. נאָך זייער מיינונג נאָך האָט ער זיך מבזה געווען דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָבגעגעבען דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און האָט זיך פֿערנומען מיט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פֿון וועלכער מען האָט דעמאָלט אין ד י י ט ש ל אַ נ ד ווייניג וואָס געהאַלטען. — מ אַ ר ק ס האָט צוגעזאָגט זיינע טעכטער צו שרייבען פֿאַר זיי אַ דראַמע, דער סיוזשעט (אינהאַלט) פֿון וועלכער עס האָבען געדאַרפֿט זיין די ברידער ג ר אַ ק כ ע ן *. לייי-דער אָבער האָט ער ניט געקענט האַלטען וואָרט. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו זעהען, ווי דער מאַן, וועמען מען האָט אַ נאָמען גע-געבען: „ריטער פֿון דעם קלאַסענקאַמפף" וואָלט איבערגעגעבען די פֿורכטבאַרע און גרויסאַרטיגע עפּיזאָדען פֿון דעם קלאַסענקאַמפף אין דער אוראַלטער וועלט. מ אַ ר ק ס האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ סך פּלענער, וואָס זיינען ניט פֿערווירקליכט געוואָרען; צווישען אַנדערע זאַ-כען האָט ער געטראַכט צו שרייבען אַ לאָגיק און די געשיכטע פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע, וועלכע איז געווען זיין ליבלינגס-שטודיום אין זיינע יוגענד-יאָהרען. מ אַ ר ק ס וואָלט געדאַרפֿט לעבען הונדערט יאָהר, אום אויס-צופֿיהרען אַלע זיינע שריפֿטשטעלערישע פּלענער און כדי צו קענען שיינ-קען דער וועלט אפילו נאָר אַ טייל פֿון דעם אוצר, וועלכער איז בע-האַלטען געווען אין זיין מוח.

אין דעם משך פֿון זיין גאַנצען לעבען איז זיין פֿרוי געווען זיין אמת׳ער באַגלייטער אין דעם פֿאָלקאָמסטען זין פֿון דעם וואָרט. ביידע האָבען זיך געקענט פֿון קינדווייז אויף און זיינען צוזאַמען אויפֿגעוואַק-

* די ברידער ג ר אַ ק כ ע ן האָבען פֿאָרגעלייגט אין ר ו י ם 133 פֿאַר דעם געבורט פֿון ק ר י ס ט ו ס, מען זאָל איבערטיילען די ערד, אום צו פֿערניכטען דעם אונטערשיעד צווישען די רייכע און די אָרעמע. דערמיט האָבען זיי אויפֿגעוועקט געגען זיך דעם צאָרען פֿון די רייכע פּאַטריציער, וועלכע האָבען זיי לסוף גע׳הרג׳ט. דער א י ב ע ר ז.

סען. מ אַ ר ק ס איז אַלט געווען ניט מעהר ווי 17 יאָהר, בעת עס איז געווען ביי זיי תנאים. די יונגע לייט האָבען געוואַרט העכער ווי ניין יאָהר, ביז וואַנען זיי האָבען חתונה געהאַט אין 1843 יאָהר, און פֿון דער צייט אָן האָבען זיי זיך מעהר ניט צושיידט. פֿרוי מ אַ ר ק ס איז געשטאָרבען אַ קורצע צייט פֿאַר איהר מאַן. קיין מענש האָט ניט געהאַט דעם געפֿיהל פֿון גליקליכקייט אין אַ גרעסערער מאָס, ווי פֿרוי מ אַ ר ק ס, הגם זי איז געבאָרען און אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרען אין אַ דייטשער אַריסטאָקראַטישער פֿאַמיליע. פֿאַר איהר האָבען ניט עקסיס-טירט קיינע סאָציאַלע אונטערשיעדע און צערגליעדערונגען. אין איהר הויז און ביי איהר טיש פֿלעגט זי אויפֿנעהמען אַרבייטער אין זייערע אַרבייטס-קליידער מיט דער זעלבער העפֿליכקייט און מיט דער זעלביגער אויפֿמערקזאַמקייט, ווי דאָס וואָלטען געווען פֿירשטען אָדער פרינצען. אַ סך אַרבייטער זיינען בעקאַנט געווען מיט איהר גאַסטפֿריינדליכקייט, און איך בין איבערצייגט, אַז קיינעם פֿון זיי איז אפילו אויף׳ן זינען ניט אַרויף, אַז די זעלביגע פֿרוי, וואָס האָט זיי אויפֿגענומען מיט אַזאַ איינ-פֿאַכקייט, אָהן שום חניפה׳דיגער פֿריינדליכקייט, שטאַמט נאָך דער ווייב-ליכער ליניע פֿון דער פֿאַמיליע פֿון די הערצאָגען פֿ אָ ן אַ ר ג י ל, און אַז איהרער אַ ברודער איז געווען אַ מיניסטער אין פ ר י י ס ע ן. פֿרוי מ אַ ר ק ס האָט דאָס ווייניג וואָס געאַרט, זי האָט אַלץ געוואָרפֿען צו-ליעב איהר ק אַ ר ל ע ן, און קיין מאָל, אפילו אין די ערגסטע צייטען פֿון דער גרעסטער נויט, האָט זי קיין שום הרטה ניט געהאַט דערויף, וואָס זי האָט געטהאָן.

זי האָט געהאַט אַ לעבעדיגען און גלענצענדען גייסט. די בריעף, וואָס זי פֿלעגט שרייבען צו איהרע פֿריינד אָהן שום מיה און מאַטערניש, זיינען אין אמת׳ן אַ קונציגער ווערק פֿון אַ לעבעדיגען אָריגינעלען גייסט. עס איז געווען אַ גאַנצער יום טוב צו בעקומען פֿון איהר אַ בריעף. י אָ ה אַ ן פֿ י ל י פּ ב ע ק ע ר האָט פֿערעפֿענטליכט אַ סך איהרע בריעף. ה י י נ ע, דער אונבאַרמהערציגער סאַטיריקער, האָט מורא גע-האַט פֿאַר מ אַ ר ק ס׳ס ליצנות, אָבער ער האָט שטאַרק בעוואונדערט דעם שאַרפֿען און טיעפֿען גייסט פֿון זיין פֿרוי. אַז די פאָר מ אַ ר ק ס האָט זיך אויפֿגעהאַלטען אין פ אַ ר י ז, איז ה י י נ ע געווען ביי זיי אַ׳ן אָפֿטער גאַסט. מ אַ ר ק ס האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטען פֿון דער אינ-טעליגענץ און פֿון דעם קריטישען פֿערשטאַנד פֿון זיין פֿרוי, אַז ער האָט צו מיר געזאָגט אין 1866 יאָהר, דאָס ער האָט איהר בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע זיינע כתבים און אַז ער האָלט שטאַרק פֿון איהרע מבינות. פֿרוי מ אַ ר ק ס פֿלעגט איבערשרייבען די כתבים פֿון איהר מאַן פֿאַר׳ן דרוק.

פרוי מ אַ ר ק ס האָט געהאַט אַ סך קינדער. דריי פון זיי זיינען קליינערהייט געשטאָרבען אין דער צייט, ווען די פאַמיליע האָט געליטען דחקות; דאָס איז געווען נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848, בשעת זי איז אַנטלאָפען אין ל אָ נ ד אָ ן און האָט געלעבט אין צוויי קליינע צימערלעך אויף דער ד ע אַ ן-גאַס, ז אָ ה אָ ס ק וו ע ר. איך בין בעקאַנט געווען נאָר מיט די דריי טעכטער פון דער פאַמיליע. אין 1865, בעת איך בין אָנגענומען געוואָרען ביי מ אַ ר ק ס׳ן אין הויז, איז די אינגסטע פון זיי, די איצטיגע פרוי אַ וו ע ל י נ ג, געווען זעהר אַ שעהן קינד מיט דעם כאַראַקטער פון אַ אינגעל. מ אַ ר ק ס פלעגט זאָגען, אַז זיין ווייב האָט מן-הסתם געהאַט אַ טעות: זי האָט געזאָלט האָבען אַ אינגעל און האָט געבאָרען אַ מיידעל. דיביידע אַנדערע טעכטער זיינען געווען דער שענסטער און הארמאָנישסטער הפך, וואָס מען האָט געקענט בעוואונ-דערען. די עלטערע פון זיי, פרוי ל אַ נ ג ע, האָט געהאַט, אַקוראַט ווי דער פאָטער, אַ טונקעלע געזיכטס-פאַרב, שוואַרצע אויגען און פעכ-שוואַרצע האָר, די אינגערע, פרוי ל אַ פ אַ ר ג, איז געווען בלאָנד מיט אַ ראָזען געזיכטס-קאָליר. איהרע פראַכטפאָלע געקרייזעלטע האָר האָ-בען געגלאַנצט ווי גאָלד, אַקוראַט ווי די אונטערגעהענדע זון וואָלט זיך געהאַט דאָרטען בעהאַלטען. זי איז געווען געראָטען אין איהר מוטער.

אויסער די פערזאָנען, וואָס איך האָב אָקאָרשט אויסגערעכענט, האָט די פאַמיליע מ אַ ר ק ס געהאַט נאָך אַ וויכטיגען מיטגליעד — פריילין ה ע ל ע נ ע ד ע מ ו ט. געבוירען אין אַ בויערען-פאַמיליע, איז זי אָנגעקומען פאַר אַ דיענסט-מיידעל צו פרוי מ אַ ר ק ס נאָך גאָר יונ-גערהייט, כמעט אַ קינד, נאָך לאַנג, איידער פרוי מ אַ ר ק ס האָט חתונה געהאַט. בשעת פרוי מ אַ ר ק ס האָט חתונה געהאַט, איז ה ע ל ע נ ע פון איהר ניט אַוועקגעגאַנגען, און האָט זיך אַזוי אָבגעגעבען צו דער פאַמיליע מ אַ ר ק ס, אַז זי פלעגט אָן זיך אַליין גאָר פערגעסען. זי האָט בעגלייט פרוי מ אַ ר ק ס און איהר מאַן אין אַלע זייערע רייזען אין א ו י ר אָ פ ע און האָט מיטגעמאַכט דעם פערוואָגעלטען לעבען פון דיזער פאַמיליע. זי איז געווען דער פראַקטישער הויז-גייסט און האָט פערשטאַנען ווי אַרויסצודרעהען זיך פון די גרעסטע דחקות. אַ דאַנק דער אָרדנונג, וואָס זי האָט איינגעפיהרט, איהר שפּאַרזאַמקייט און בריה׳שאַפט, האָט מ אַ ר ק ס׳ס פאַמיליע קיין מאָל ניט געדאַרפט אָב-זאָגען זיך, לכל הפחות, פון דעם נויטיגסטען פאַר׳ן לעבען. זי האָט געקענט אַלצדינג: זי האָט געקאָכט, זי איז געווען די בעל-הבית׳טע, זי פלעגט אָנטהאָן די קינדער און צושניידען פאַר זיי קליידלעך, וועלכע זי פלעגט נעהען פאַר זיי צוזאַמען מיט פרוי מ אַ ר ק ס. זי איז געווען

אי די בעל-הבית'טע אי דער פֿערוואַלטער פֿון הויז. די קינדער האָ-
בען איהר ליעב געהאַט ווי אַ'ן אייגענע מוטער און זיי פֿלעגען איהר
פאָלגען און אָבגעבען כבוד ווי אַ מוטער, ווייל זי האָט זיי ליעב גע-
האַט ווי אַ מוטער. פֿרוי מאַרקס האָט געקוקט אויף העלענען
ווי אויף דעם נאָהענטסטען פֿריינד; מאַרקס האָט געפֿיהלט צו איהר
אַ בעזונדערע פֿריינדשאַפֿט, ער פֿלעגט מיט איהר שפּיעלען שאַך, און
עס פֿלעגט זיך אָפֿטמאָלס טרעפֿען, אַז ער פֿלעגט פֿערשפּיעלען. העלענס ליעבע צו דער פֿאַמיליע פֿון מאַרקס איז געוועזען פֿאַנאַטיש.
דאָס, וואָס מען האָט דאָרטען געטהאָן, איז אַלץ געוועזען גוט, און אַנ-
דערש האָט עס גאָר ניט געקענט זיין. ווער עס פֿלעגט קריטיקירען
מאַרקס'ן, דער האָט איהר נוגע בכבוד געוועזען. יעדען, וועלכער
איז געוועזען גוט אָנגענומען אין דער פֿאַמיליע, פֿלעגט זי שוין אַריינ-
נעהמען אונטער איהר מוטערליכער השגחה. מען קען זאָגען, אַז די
גאַנצע פֿאַמיליע מאַרקס איז ביי איהר געוועזען ווי אייגענע קינדער.
פֿרייליין העלענע האָט איבערגעלעבט מאַרקס'ן און זיין ווייב,
איהר השגחה האָט זי איבערגעטראָגען אויף ענגעלס'ס הויז, ווע-
מען זי האָט געקענט פֿון איהר יוגענד און אויף וועמען זי האָט איבער-
געטראָגען די ליעבע, וואָס זי האָט געהאַט פֿאַר די פֿאַמיליע מאַרקס.

אָבער ענגעלס איז אויך געווען, ווי מען זאָגט, אַ פֿאַמיליען-
גליעד. מאַרקס'ס טעכטער פֿלעגען איהם רופֿען דער צווייטער פֿאָ-
טער. ער איז געווען דער "alter ego", דער צווייטער איך פֿון
מאַרקס'ן. יאָהרען לאַנג פֿלעגט מען אין דייטשלאַנד ניט אָבטיי-
לען זייערע ביידענס נעמען, וועלכע די געשיכטע וועט אַלע מאָל פֿער-
צייכענען צוזאַמען אויף איהרע בלעטער. מאַרקס און ענגעלס
האָבען אין אונזער יאָהרהונדערט פֿערווירקליכט דעם אידעאַל פֿון פֿריינד-
שאַפֿט, וועלכען עס האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט די פֿאַרצייטיגע דיכטער.
פֿון דער יוגענד אָן האָבען זיי זיך צוזאַמען און פּאַראַלעל ענטוויקעלט, זיי
האָבען געלעבט אין דער טיעפֿער געמיינשאַפֿט פֿון אידעען און געפֿיהלען,
האָבען אַ'ן אַנטייל גענומען אין דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער אַגי-
טאַציע, און כל זמן זיי האָבען געקענט בלייבען צוזאַמען, האָבען זיי
צוזאַמען געאַרבייט. וואַהרשיינליך וואָלטען זיי זייער גאַנצען לעבען אין
איינעם געאַרבייט, ווען די פּאַסירונגען פֿון לעבען וואָלטען זיי ניט גע-
צוואונגען פֿאַנאַנדערצושיידען זיך אויף גאַנצע צוואַנציג יאָהר. נאָך
דער מפּלה פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1848 יאָהר האָט ענגעלס גע-
מוזט אַוועקפֿאָהרען קיין מאַנטשעסטער, בשעת מאַרקס האָט
געמוזט פֿערבלייבען אין לאָנדאָן. גייסטיג זיינען זיי געבליבען פֿערבונ-
דען איינער מיט דעם אַנדערען, שרייבענדיג כמעט אַלע טאָג איינער

צו דעם אַנדערען זייערע מיינונגען, ווי איבער די פּאָליטישע און וויסענ-שאַפֿטליכע געשעהנעסען, אַזוי אויך איבער זייערע גייסטיגע אַרבייטען. ווי נאָר ע נ ג ע ל ס האָט געקענט זיך בעפֿרייען פֿון זיין אַרבייט, האָט ער זיך געאײלט אַוועקצואוואַרפֿען מ אַ נ ט ש ע ס ט ע ר און אַריבערצוטראָ-גען זיין היים קיין ל אָ נ ד אָ ן, וואו ער האָט געדונגען אַ דירה ניט ווייט פֿון זיין טייערען מ אַ ר ק ס, אַ'ן ערך צעהן מינוטען גאַנג. פֿון 1870 ביז צום טויט פֿון זיין פֿריינד איז אפילו איין טאָג ניט אַוועקגעגאַנגען, וואו דיביידע חברים זאָלען זיך ניט זעהען דאָ ביי איינעם פֿון זיי, דאָ ביי דעם אַנדערען.

אַ'ן אמת'ער יום טוב איז געוועזען פֿאַר דער פֿאַמיליע מ אַ ר ק ס, בשעת ע נ ג ע ל ס האָט זיי מודיע געווען, אַז ער וועט אַריבערפֿאָהרען צו זיי פֿון מ אַ נ ט ש ע ס ט ע ר. נאָך אַ סך פֿריהער האָט מען געערעדט פֿון זיין קומען, און אין דעם טאָג, ווען ער האָט געדאַרפֿט שוין דאָ זיין, איז מ אַ ר ק ס געווען אַזוי אונגעדולדיג, אַז ער האָט ניט געקענט אַרבייטען. ביידע פֿריינד זיינען דורכגעזעסען, רויכערענדיג און טרינקענדיג, די גאַנצע נאַכט; זיי האָט זיך געוואָלט דורכריידען איבער אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך געטראָפֿען, זייט זיי זיינען געווען דעם לעצטען טאָל צוזאַמען.

פֿון ע נ ג ע ל ס'ס מיינונג האָט מ אַ ר ק ס געהאַלטען מעהר, ווי פֿון וועמעס עס איז אַ'ן אַנדערענס. ע נ ג ע ל ס איז געווען דער מענש, וועמען מ אַ ר ק ס האָט גערעכענט פֿאַר פֿייהיג צו זיין זיינער אַ מיט-אַרבייטער. ע נ ג ע ל ס האָט פֿאַר איהם געהאַט די בעדייטונג פֿון אַ גאַנצען עולם. כדי צו איבערצייגען איהם, אַז ער זאָל מסכים זיין מיט זיינער אַ אידעע, איז פֿאַר מ אַ ר ק ס'ן קיין שום אַרבייט ניט שווער געווען. צום ביישפּיעל: איך האָב געזעהען, ווי מ אַ ר ק ס האָט פֿון דאָס ניי דורכגעלעזען גאַנצע בענדער, כדי ווידער אויפֿצוזוכען די פֿאַק-טען, וואָס ער האָט נויטיג געהאַט, כדי ע נ ג ע ל ס זאָל איבערבייטען זיין מיינונג וועגען אַ ניט-וויכטיגען פּונקט, בנוגע צו דער פּאָליטישער און רעליגיעזער מלחמה פֿון די אַלביגענזער*, צו געווינען ע נ ג ע ל ס'ס אַ הסכמה,—איז פֿאַר איהם געווען אַ גאַנצער נצחון.

מ אַ ר ק ס האָט שטאָלצירט מיט ע נ ג ע ל ס'ן. מיט צופֿריעדענהייט האָט ער מיר אויסגערעכענט אַלע גייסטיגע און מאָראַלישע מעלות פֿ'ן זיין פֿריינד; ער איז מיט מיר אַמאָל אומישנע געפֿאָהרען נאָך מ אַ נ-ט ש ע ס ט ע ר, אום מיך צו בעקענען מיט איהם. ער פֿלעגט בעוואונדערען די זעלטענע פּיעלזייטיגקייט פֿון זיינע וויסענשאַפֿטליכע קענטניסע, עס

---

* אַ רעליגיעזע סעקטע אין ד ר ו ם-פֿ ר אַ נ ק ר י י ך אין XII—XIII יאָהרהונדערט. דער א י ב ע ר ז.

האָט איהם בעאונרוהיגט די קלענסטע סבה, וואָס עס האָט זיך מיט איהם געקענט טרעפֿען. „איך ציטער שטענדיג, האָט ער מיר געזאָגט, אַז עס וועט זיך מיט איהם טרעפֿען אַ׳ן אונגליק אויף זיין יאַגד, וועלכער ער גיט זיך אָב מיט ליידענשאַפֿט, אַרומרייטענדיג דורך די פֿעלדער, אַראָבגעלאָזען די לייצעס, פֿערגעסענדיג אויף אַלע מעגליכע סבות״.

מאַרקס איז געווען אויך אַזאַ גוטער פֿריינד, ווי אַ צערטליכער מאַן און אַ צערטליכער פֿאָטער, אָבער ער האָט טאַקי געפֿונען אין זיין פֿרוי און זיינע טעכטער, אין העלענע׳ן און ענגעלס׳ן אַזוינע מענשען, וואָס זיינען ווערט געווען, אַז אַזאַ גרויסער מענש ווי ער, זאָל זיי ליעב האָבען.

## III

מאַרקס, וועלכער איז פֿון אָנהויב געווען איינער פֿון די פֿיהרער פֿון דער ראַדיקאַלער בורזשואַזיע, האָט זיך דערפֿיהלט פֿערלאָזען, ווי נאָר זיין אָפּאָזיציע איז געוואָרען צו שאַרף, און מען איז זיך מיט איהם בעגאַנגען ווי מיט אַ פֿיינד, ווי נאָר ער איז געוואָרען אַ סאָציאַליסט. פֿערפֿאָלגט פֿון אַלע זייטען, אַרויסגעשיקט פֿון דייטשלאַנד, האָט מען, נאָכדעם ווי מען האָט איהם מבזה געווען מיט אַלערליי רכילות, אַזוי ווי אָבגעמאַכט יד-אחת, מען זאָל זיך מאַכען כלא-ידע פֿון זיין פערזאָן און פֿון זיינע אַרבייטען. פֿון דעם „אַכצעהנטען ברומער״ *, וועלכער בעווייזט, אַז פֿון אַלע פּאָליטיקער און געשיכטס-שרייבער אין 1848 איז מאַרקס געווען דער איינציגער, וואָס האָט פֿערשטאַנען און ערקלעהרט דעם אמת׳ן כאַראַקטער פֿון די אורזאַכען און דעם רע-זולטאַט פֿון דעם מלוכה-אַקט פֿון דעם 2-טען דעצעמבער 1851 **, פֿון דיזען בוך האָט מען זיך גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט. קיין איין-איינציגע בירגערליכע צייטונג האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט וועגען דיזען ווערק, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסע בעדייטונג. „דער עלענד פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע״, אַ׳ן ענטפֿער אויף „די פֿילאָזאָפֿיע פֿון עלענד״ פֿון פּרודאָן, אויך „צור קריטיק פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע״ האָט מען אויך פֿערשוויגען. נאָר דער „אינטערנאַציאָנאַל״ און די ערשטע בענדער פֿון „קאַפּיטאַל״ האָבען געמאַכט אַ סוף פֿון דעם שווייגען,

---

* מאַרקס׳ס אַ ווערק. דער איבערזעצער.

** דעם 2-טען דעצעמבער 1851 האָט דער פּרעזידענט לוי נאַפּאָלעאָן זיך ערקלעהרט אַלס אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן דער 3-טער. דער איבערזעצער.

וועלכער האָט זיך געצויגען אַ'ן ערך פֿון פֿופֿצעהן יאָהר. עס איז מעהר ניט מעגליך געווען צו מאַכען זיך כלא-ידע פֿון מ אַ ר ק ס'ן. דער „אינטערנאַציאָנאַל" איז געוואַקסען און זיינע מעשים האָבען מרעיש עולם געווען. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מ אַ ר ק ס האָט זיך געהאַלטען אויף דעם הינטערשטען פּלאַן און האָט געלאָזען אַרבייטען אַנדערע, פֿונדעסטוועגען האָט מען זיך באַלד געכאַפּט, ווער עס איז געווען דער אמת'ער רעדעלפֿיהרער. אין דייטשלאַנד איז געגרינדעט געוואָרען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע איז אַזוי שטאַרק געוואָרען, אַז ביסמאַרק האָט זיך געוואָלט איינקויפען ביי איהר אין לאַסקע, איידער ער האָט אָנגעהויבען מיט איהר אַ מלחמה. דער לאָסאַליאַנער שווייצער האָט פֿערעפֿענטליכט אַ גאַנצע רייהע אַרטיקלען, וועלכע מאַרקס האָט געלויבט און וועלכע האָבען דעם אַרבייטער-עולם בעקאַנט געמאַכט מיט דעם „קאַפּיטאַל". דער קאָנגרעס פֿון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט בעשלאָסען, לויט דעם פֿאָרשלאַג פֿון י. פ. בעקער, צו ווענדען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען אויף דעם ווערק, ווי אויף די תורה פֿון דעם אַרבייטער-קלאַס.

נאָך דעם אויפֿשטאַנד פֿון 18-טען מערץ 1871, אין וועלכען מען האָט בעשולדיגט דעם „אינטערנאַציאָנאַל", און נאָך דער מפּלה פֿון דער קאָמונע, וועלכע דער צענטראַל-קאָמיטעט פֿון „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך גענומען צו פֿערטיידיגען געגען דער צובושעוועטער בורזשואַזער פּרעסע פֿון אַלע לענדער, איז מאַרקס'ס נאָמען בעריהמט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט. מאַרקס איז אַנערקענט געוואָרען פֿאַר דעם גרעסטען און שטאַרקסטען טעאָרעטיקער פֿון דעם וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם און פֿאַר דעם אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער-בעוועגונג. דער „קאַפּיטאַל" איז געוואָרען דער לעהרבוך פֿאַר די סאָציאַליסטען פֿון אַלע לענדער. אַלע סאָציאַליסטישע און אַרבייטער-צייטונגען האָבען אָנגעהויבען צו פּאָפּולאַריזירען זיינע וויסענשאַפֿטליכע טעאָריעס, און בשעת אין ניו-יאָרק האָט זיך געטראָפֿען אַ גרויסער שטרייק, האָט מען פֿערעפֿענטליכט פֿון דעם „קאַפּיטאַל" שטעלען אין דער פֿאָרמע פֿון פֿלוגבלעטלעך, כדי צוצוגעבען די אַרבייטער מוטה און צו בעווייזען די גערעכטיגקייט פֿון זייערע פֿאָדערונגען. דער „קאַפּיטאַל" איז איבערזעצט געוואָרען אויף די הויפּט-שפּראַכען פֿון איראָפּע, אויף רוסיש, פֿראַנצויזיש און ענגליש — פֿערקירצטע אויסגאַבען זיינען ערשיענען אויף דייטש, פֿראַנצויזיש, איטאַליעניש, שפּאַניש און האָלענדיש. און ווי אָפֿט זיינע געגנער אין איראָפּע אָדער אין אַמעריקע פֿלעגען מאַכען די פּראָבע צונישט

צו מאַכען זיינע טעאָריעס, פֿלעגען זיי טאַקי גלייך געפֿינען אַ׳ן ענט-פֿער פֿון די סאָציאַליסטען, וואָס עס פֿלעגט זיי פֿערשטאָפּען דעם מויל. דער „קאַפּיטאַל“ איז איצט טאַקי באמת געוואָרען די תורה פֿון דעם אַרבייטער-קלאַס, ווי דער קאָנגרעס פֿון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ האָט איהם אַ נאָמען געגעבען.

אָבער דער טהעטיגער אַנטייל, וועלכען מאַרקס האָט געמוזט נעהמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, האָט ביי איהם פֿערנומען אַ סך צייט, און דאָס איז געווען אַ היזק פֿאַר זיינע וויסענשאַפֿטליכע אַרבייטען. דער טויט פֿון זיין ווייב און פֿון זיין עלטסטער טאָכטער, פֿרוי לאַנגע, איז פשוט געווען אַ׳ן אונגליק פֿאַר זיין אַרבייט.

מאַרקס איז געווען אויף דעם ענגסטען אופן פֿערבונדען מיט זיין פֿרוי דורך דעם געפֿיהל פֿון דער טיעפֿסטער ליעבע — איהר שיינ-קייט איז געווען זיין פֿרייד און שטאָלץ, איהר געלאַסענקייט און איהר ערנסטע טרייקייט צו אַלץ, פֿאַר וואָס זי האָט זיך גענומען, האָבען איהם געמאַכט לייכטער צו פֿערטראָגען דעם עלענד, וועלכער איז אונ-פֿערמיידליך פֿערבונדען געווען מיט דעם פֿערוואָגעלטען לעבען פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליסט. די הלאת, וועלכע האָט געבראַכט אין קבר זיין ווייב, האָט פֿערקירצט אויך זיינע יאָהרען. אין דער צייט פֿון איהר לאַנגער און יסורים׳דיגער קריינק איז מאַרקס אַריינגעפֿאַ-לען אין אַ גייסטיגע מיעדיגקייט און די קערפּערליכע שוואַכקייט דורך ניט שלאָפֿען, קאַרגע בעוועגונג און מאַנגעל אין פֿרישע לופֿט האָט איהם געבראַכט צו אַ לונגען ענטצינדונג, וועלכע האָט איהם שיער ניט אַריינגעטריבען אין קבר אַריין.

פֿרוי מאַרקס איז געשטאָרבען דעם צווייטען דעצעמבער 1881, בלייבענדיג ביז׳ן טויט קאָמוניסטין און מאַטעריאַליסטין. פֿאַר׳ן טויט האָט זי קיין מורא ניט געהאַט. בשעת זי האָט דערפֿיהלט, אַז איהר לעצטע מינוט איז אָנגעקומען, האָט זי אַ געשריי געטהאָן: „קאַרל, מיינע כחות געהען אויס“ — דאָס זיינען געווען איהרע לעצטע ווער-טער, וועלכע מען האָט געקענט דייטליך פֿערנעהמען. מען האָט איהר מקבר געווען דעם פֿינפֿטען דעצעמבער אויף דעם בית עולם אין הייגייט, אין דער אַבטיילונג, וועלכע איז בעשטימט פֿאַר די, וואָס ליגען אין חרם. לויט נאָך די געוואָהנהייטען פֿון איהר און פֿון מאַרקס׳ס גאַנצען לעבען, האָט מען פֿערמיעדען, אַז די לויה זאָל זיין מיט פּאַראַד, נאָר אַ פּאָר גוטע פֿריינד האָבען בעגלייט די פֿערשטאָרבענע אין איהר אייביגען רוה... איידער מען איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, האָט מאַרקס׳ס אַלטער פֿריינד, פֿרידריך ענגעלס, געזאָגט אַ הספד, שטעהענדיג אויף דעם ברעג פֿון דעם קבר.

„מיינע פֿריינד! די האָכהערציגע פֿרוי, וועלכע מיר האָבען איצט געבראַכט צו קבורה, איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1814 אין זאַלצוועדעל. איהר פֿאָטער, דער באַראָן פֿון וועסטפֿאַלען, איז באַלד אַריבערגעפֿאָהרען קיין טריער, וואו ער איז געוואָרען רע-גירונגס-ראַט. דאָרטען האָט ער זיך גוט בעפֿריינדעט מיט דער פֿאַמיליע מאַרקס. די קינדער זיינען צוזאַמען אויפֿגעוואַקסען. דיביידע טאַ-לאַנטפֿאָלע נאַטורען האָט געצויגען איינע צו דער אַנדערער. אַז מאַרקס איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט, איז שוין געווען אָבגעשטעלט, אַז זייער קינפֿטיגער מזל זאָל זיין אויף אויביג פֿערבונדען.

„אין 1843, נאָך דעם ווי די „רהיינישע ציימונג“, וועלכע מאַרקס האָט אַ לאַנגע צייט רעדאַקטירט, איז פֿערמאַכט געוואָרען, האָבען זיי חתונה געהאַט. פֿון דער צייט אָן האָט דזשעני מאַרקס ניט נאָר וואָס געטיילט דעם מזל, די אַרבייט און דעם קאַמפּף פֿון איהר מאַן, זאָנדערן זי האָט גענומען אין זיי אַ׳ן אַנטייל מיט דעם גרעסטען שכל, מיט אַ פֿלאַמענדיגער ליידענשאַפֿט.

„די יונגע פּאָר איז פֿרייוויליג אַוועק אין גלות און האָט זיך בע-זעצט אין פּאַריז, נאָר אין גיכען איז דער גלות געוואָרען פֿאַר זיי אַ געצוואונגענער. די פּרייסישע רעגירונג האָט רודף געווען מאַרקס׳ן אפילו דאָ. ליידער מוז איך זאָגען, אַז אַזאַ מענש ווי אַלכסנדר הומבאָלדט* איז אַזוי נידעריג געפֿאַלען, דאָס ער האָט מיטגעווירקט, אַז מען זאָל מאַרקס׳ן אַרויסשיקען. די פֿאַמיליע איז פֿעריאָגט גע-וואָרען קיין ברוסעל. דאָ איז אָנגעקומען די פֿעברואַר-רעוואָלוציע. בעת עס האָבען זיך אָנגעהויבען אין ברוסעל די אונרוהען, וועלכע זיינען געווען אַרויסגערופֿען דורך די רעוואָלוציע, האָט מען אַרעסטירט ניט נאָר מאַרקס׳ן אַליין, נאָר די בעלגישע רעגירונג האָט זיך ניט געפֿוילט אויך זיין פֿרוי אַריינצווועצען אין געפֿענגניס אָהן אַ שום אור-זאַך דערצו.

די רעוואָלוציאָנערע אויפֿרעגונג פֿון 1848 יאָהר האָט זיך איינגעשטילט שוין אין קומענדיגען יאָהר. ווייטער אַ נע-ונד לעבען, צוערשט אין פּאַריז, נאָכדעם צוליעב דער אַריינמישונג פֿון דער פֿראַנצויזישער רעגירונג — אין לאָנדאָן. דיזען מאָל האָט פֿרוי מאַרקס געמוזט דערפֿיהלען דעם טעם פֿון גלות מיט אַלע זיינע יסורים. די מאַטעריעלע דחקות, צוליעב וועלכער עס זיינען ביי איהר אַוועקגעשטאָרבען איהרעביידע אינגלעך און אַ טאָכטער, וואָלט זי פֿונדעסטוועגען נאָך געקענט אויסהאַלטען. אָבער דאָס, וואָס די רעגירונג און די בירגערליכע אָפּאָ-

---

* אַ בעריהמטער נאַטורפֿאָרשער. דער איבערז.

זיציע, סיי די ליבעראַלע סיי די דעמאָקראַטישע, האָבען ווי אָבגעמאַכט יד אחת רודף צו זיין איהר מאַן, דאָס וואָס זיי האָבען איהם מבזה געווען מיט די שענדליכסטע רכילות, דאָס וואָס די גאַנצע פּרעסע איז פאַרמאַכט געווען פאַר איהם און האָט איהם ניט צוגעלאָזען צו פאַר-ענטפערען זיך, און ער האָט געמוזט שטעהען מיט אַראָבגעלאָזענע הענד, אָהן כלי זין געגען זיינע פיינד, וועלכע זיי בײדע האָבען געמוזט פאַראַכטען, — דאָס אַליין האָט איהר פערשאַפט די גרעסטע יסורים און דאָס האָט זיך געצויגען זעהר לאַנג.

„אָבער ניט אויף שטענדיג. דער אוויראָפּעאישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ מעמד, ביי וועלכען ער האָט געקענט ביז צו אַ געוויסען גראַד זיך זעלבסטשטענדיג בעוועגען, עס איז געגרינדעט געוואָרען דער „אינטערנאַציאָנאַל". דער קלאַסענקאַמפף פון פּראָלעטאַריאַט האָט זיך פערשפּרייט פון לאַנד צו לאַנד, און צווישען די ערשטע קעמפּפער איז איהר מאַן געווען דער ערשטער. אָט דאָ האָט זיך פאַר איהר אָנגעהויבען אַ צייט, וואָס האָט איהר בעצאָהלט פאַר אַלע איהרע צרות. זי האָט דערלעבט צו זעהען, ווי אַלע רכילות, וועלכע מען האָט געשאָטען אויף מ א ר ק ס׳ן מיט׳ן פולען הויפען, זיי-נען צושפּרייט געוואָרען ווי מעקענע אויף׳ן ווינד; אַז זיין לעהרע, וועלכע עס האָבען זיך אַזוי שטאַרק געמאַטערט צו אונטערדריקען אַלע רעאַק-ציאָנערע פאַרטייען, סיי פעאָדאַלע, סיי דעמאָקראַטישע, האָט מען איצט אומעטום אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, אויף אַלע ציוויליזירטע שפּראַ-כען געפּריידיגט און פערברייט. זי האָט דערלעבט, אַז די פּראָלעטאַ-רישע בעוועגונג, וועלכע איז געווען צונויפגעוואַקסען מיט איהר אייגע-נעם „איך" האָט צורודערט די גאַנצע אַלטע וועלט פון ר ו ס ל אַ נ ד ביז אַ מ ע ר י ק ע, און ניט קוקענדיג אויף אַלע מניעות, איז זי געגאַנגען פאָרווערטס און זיכער צו איהר נצחון. און איינע פון איהרע לעצטע פריידען איז געווען דער שאַרפסטער בעוויז פון דער לעבענס-קראַפט, וואָס די דייטשע אַרבייטער האָבען געגעבען ביי די לעצטע רייכסטאַגס-וואַהלען.

„וואָס אַזאַ פרוי מיט אַזאַ שאַרפען קריטישען שכל, מיט אַזאַ פּאָ-ליטישען טאַקט, מיט אַזאַ מין ענערגישען און לײדענשאַפטליכען כאַראַק-טער, מיט אַזאַ איבערגעבענהייט האָט אויפגעטהאָן פאַר די קאַמפּפס-גענאָסען אין דער בעוועגונג אין דעם משך פון פערציג יאָהר, דאָס איז געבליבען פערבאָרגען פאַר דער וועלט, דאָס איז ניט אויפגעשרי-בען געוואָרען אויף די לוחות פון דער איצטיגער פּרעסע, דאָס האָט מען געמוזט אַליין דורכלעבען. נאָר דאָס ווייס איך: אויב די פרויען פון די אַנטלאָפענע קאָמונאַרען וועלען איהר נאָך אָפט געדיינקען, ווען

אויך אונז, די איבעריגע, גאַנץ אָפּט פּעהלען איהר מוטהיגע און קלוגע עצה: זי איז געווען מוטהיג — אָהן בעריהמעריי, קלוג — ניט דער-לאָזענדיג אָנריהרען איהר כבוד.

„איך דאַרף ניט ריידען פֿון איהרע פערזענליכע מעלות. איהרע פֿריינד קענען איהר און וועלען איהר ניט פֿערגעסען. אויב עס האָט ווען עס איז עקסיסטירט אַ פֿרוי, וועלכע האָט געהאַלטען פֿאַר איהר גרעס-טען גליק אַנדערע גליקליך צו מאַכען — איז דאָס געווען אָט דיזע פֿרוי".

נאָך דעם טויט פֿון זיין פֿרוי איז מאַרקס׳ס לעבען געווען אַ קייט פֿון קערפּערליכע און מאָראַלישע יסורים, וועלכע זיינען נאָך שאַר-פֿער געוואָרען נאָך דעם, ווי עס איז פּלוצלונג געשטאָרבען זיין עלט-סטע טאָכטער פֿרוי לאַנגע. זיינע כחות זיינען צובראָכען געוואָרען, און ער האָט זיך שוין ניט פֿערבעסערט. ער איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען אויף אויביג, זיצענדיג ביי זיין אַרבייטסטיש, דעם 14 מערץ 1883 אין דעם עלטער פֿון זיבען און זעכציג יאָהר.



# אויסגאבען פון דעם אלגעמיינעם אידישען ארבייטערבונד
## אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

### בראָשורען *.

אויף אידיש:

| | סענט | [illegible] | קאָפּ. |
|---|---|---|---|
| דער סטרייק פֿון שקר. | — | — | — |
| דער צירקוליאַר פון מיניסטער דעס איננערן. | — | — | — |
| אַ בראָשורע צום ערשטען מאַי. | — | — | — |
| אַ חלום ערב יום-טוב דעם ערשטען מאַי. | — | — | — |
| מאַניפֿעסט פֿון רוסלענדער סאָצ״דעמ. אַרב. פּאַרטיי. | — | — | — |
| דער אידישער בערשטער אַרב. בונד אין פוילען און ליטא. | — | — | — |
| די מערץ-רעוואָלוציאָן אין דייטשלאַנד. | — | — | — |
| די מִלחמה פֿון דער פּ. פּ. ס. געגען דעם אַללגעמ. | | | |
| אידישען אַרב.-בונד אין רוסלאַנד און פוילען. | — | — | — |
| דער IV צוזאַמענפֿאָהר פֿון אַל. איד. אַרב.-בונד אין ל., פּ. און רוס. | — | — | — |
| דער מאַניפֿעסט פֿון אַל. סאָצ.-דעמ. פֿעדעראַט. גאַרבערבונד. | — | — | — |
| הירש לעקערט און זיין פּראָצעס. | — | — | — |
| דער II צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער אידישער אָבטיילונג פֿון | | | |
| דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישען פֿערעראַטיווען גאַרבערבונד. | — | — | — |
| דער שטאַט-מגיד (אויסגעגאַנגען). | — | — | — |
| דער עיקר פֿון דער קאָנסטיטוציע פון לאַססאַל. | | | |
| (2-טע פֿערבעסערטע אויסגאַבע). | 1 | 2 | 10 |
| דער אַרבייטסטאָג (3-טע פֿערבעסערטע אויסגאַבע). | 1 | 3 | 10 |
| ווי האָבען די בעלגישע אַרב. געשטריטען פֿאַר פֿרייהייט ? | | | |
| (אויסגעגאַנגען). | — | — | — |
| פֿאַר׳ן זונאויפֿגאַנג. (צווייטע אויסגאַבע). | 1 | 3 | 15 |
| אַ מעשה פֿון פֿיער ברידער. | 2 | 5 | 20 |
| ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס? (אויסגעגאַנגען). | — | — | — |
| דער מאַניפֿעסט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון | | | |
| קאַרל מאַרקס און פֿרידריך ענגעלס. | 3 | 8 | 30 |

---

* די ערשטע צוועלף בראָשורען זיינען געדרוקט אין רוסלאַנד.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 20 | 5 | 2 | וואָס יעדער אַרבייטער דאַרף וויסען און געדיינקען. |
| 35 | 7 | 3½ | וואָס ווילען די סאָציאַלדעמאָקראַטען אין רוסלאַנד? |
| — | — | — | די שכירות — 2-טע אויסגאַבע. (אויסגעגאַנגען). |
| 10 | 2 | 1 | הגדה של פסח (על פי נוסח חדש). |
| 10 | 2 | 1 | די נייע עפּאָכע אין דער אידישער אַרבייטערבעוועגונג. |
| 40 | 10 | 4 | אים קאַמפּף. |
| 20 | 4 | 2 | פֿון וואָס איינער לעבט. |
| 40 | 9 | 4 | די געשיכטע פֿון די ענגלישע אַרבייטערבונדען. |
| 30 | 8 | 3 | די געשיכטע פֿון דער איד. אַרב.-בעוועגונג אין רוס. און פויל. |
| 30 | 8 | 2½ | פֿרייהייט (רעוואָלוציאָנערע ליעדער). |
| 25 | 3 | 2 | דער עיקר פֿון סאָציאַליזמוס. |
| 10 | 2 | 1 | אין אַ פֿינסטערע נאַכט. „פּאַריאַ" אונטער די פּראַלעט. ) אָבדרוק פֿון No 25 „אַרב. שטימ." |
| 10 | 2 | 1 | דאָס איינגעהמען פֿון באַסטיליען. |
| 10 | 2 | 1 | די נאַציאָנאַלע פֿערזאַמלונג און די נאַכט פֿון פֿיערטען אויגוסט. |
| 20 | 4 | 2 | די קאָנסום-גענאָסענשאַפֿטען פֿון ק. קאַוטסקי. |
| 50 | 10 | 5 | אַ הספד אויף אלכסנדר דעם צווייטען׳ס קבר. |
| 40 | 4 | 2 | די אַרבייטערינען-און פֿרויענפֿראַגע אין דער געגענוואַרט פֿון קל. צעטקין. (2-טע אויסגאַבע). |
| 10 | 2 | 1 | דער סך הכל פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿערזאַמלונג. |
| 15 | 3 | 1½ | ווי די כינעזער האָבען באָמבאַרדירט בלאַגאָוועשטשענסק. |
| 15 | 3 | 1½ | סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ (ביאָגראַפֿיע). |
| 10 | 2 | 1 | דער רוס. וועבער פּעטער אַלעקסעיעוו (ביאָגראַפֿיע). |
| 25 | 5 | 2 | אלכסנדר מיכאַילאָוו (ביאָגראַפֿיע). |
| 25 | 5 | 2 | אַנדרעי איוואַנאָוויטש זשעליאַבאָוו (ביאָגראַפֿיע). |
| 10 | 2 | 1 | ניקאָלאַי איוואַנאָוויטש קיבאַלטשיטש (ביאָגראַפֿיע). |
| 25 | 5 | 2 | דאָס אַרבייטער פּראָגראַם פֿון פֿערדינאַנד לאַססאַל. |
| 10 | 2 | 1 | דער צערשטערטער פֿעלזענבלאָק. |
| 10 | 2 | 1 | סטעפּאַן כאַלטורין (ביאָגראַפֿיע). |
| 30 | 8 | 2½ | די סאָציאַלע רעפֿאָרם און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן פֿון ק. קאַוטסקי. |
| 40 | 8 | 3 | אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פֿון ק. קאַוטסקי. |
| 125 | 25 | 12 | דאָס ערפֿורטער פּראָגראַם מיט אַ הקדמה און פֿערבעסערונגען פֿון פּראָפֿעסער ק. קאַוטסקי. |
| 5 | 1 | ½ | וועגען דעם פּראָיעקט פֿון מיניסטער וויטטע וועגען סטרייקען און אַרבייטערבונדען. |
| 25 | 5 | 2 | צו דער געשיכטע פֿון דער בעלגישער אַרבייטער-בעוועגונג. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| צדקה, אַ'ן ערצעהלונג פֿון פּ. ע ז י. | $\frac{1}{2}$ | 1 | 5 |
| אין משגעים-הויז פֿון ד. פּ. | 1 | 2 | 10 |
| רעליגיאָן און קלאַסענגעגענזאַצען פֿון מ. א. | $2\frac{1}{2}$ | 6 | 30 |
| די קישינעווער הריגה. I. מאַטעריאַלען און דאָקומענטען. | 2 | 5 | 25 |
| אַווטאָנאָמיע אָדער פֿעדעראַציע? | 1 | 2 | 10 |
| דער ציוניזם. פֿון „לנו". | 2 | 5 | 25 |
| די רויטע פֿאָהן. ליעדער און פּראָזע. | $2\frac{1}{2}$ | 6 | 30 |
| די שפּינען און די פֿליגען פֿון וו. ל י ב ק נ ע כ ט. | $\frac{1}{2}$ | 1 | 5 |
| קלאַסען-אינטערעס, באַזונדער אינט., כלל-אינט., פֿון ק. קאַוטסקי. | $1\frac{1}{5}$ | 4 | 20 |
| די כשר'ע אַרבייטערבעוועגונג אָדער די „לעגאַליזאַציע" (אָבדרוק פֿון № 26 „אַרבייטער שטימע", געדרוקט אין ר ו ס ל אַ נ ד). | — | — | — |
| די טהעטיגקייט פֿון „בונד" פֿאַר די לעצטע 2 יאָהר. | 1 | 2 | 10 |
| די רעזאָלוציע פֿון 5-טען צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד" וועגען דער לאַגע פֿון „בונד" אין דער פּאַרטיי. | 1 | 2 | 10 |
| דער 2-טער צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער רוס. סאָצ.-דעמ. אַר. פּאַרטיי. | — | — | — |
| בעריכט פֿון דער דעלעגאַציע פֿון „בונד" (געדרוקט אין ר ו ס.) | — | — | — |
| דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד" (געדרוקט אין ר ו ס.) | — | — | — |
| די אונטערטהעניגע, אַ דראַמע אין 1 אַקט פֿון ס י נ אַ נ י. | $1\frac{1}{2}$ | 3 | 15 |
| דער רוסישער אַרבייטער אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג פֿון ג. פּ ל ע כ אַ נ אָ ו ו. | 6 | 12 | 60 |
| די רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל פֿון פּ. ל אַ פֿ אַ ר ג. | 3 | 7 | 30 |
| פֿרידריך ענגעלס (מיט זיין פּאָרטרעט). | 3 | 7 | 30 |
| קאַרל מאַרקס (מיט זיין פּאָרטרעט). | 2 | 5 | 20 |